# יאהר בוך
# דאָס נייע לאַנד




אַ זאַמעלבוך פאַר
ליטעראַטור און
וויסענשאַפט.

רעדאַקטאָר און
אַרויסגעבער
אברהם רייזען.

ניו־יאָרק, תרע״ב.

YOHRBUCH DOS NAYE LAND
Editor and Publisher
ABRAHAM REISIN
New York, 1912.



שוין ערשיענען נומער 18 פון דער נייער וואָכענשריפט פאר ליטעראַ־
טור, קונסט, קריטיק און קולטור

# „דאָס נייע לאַנד"

רעדאַקטאָר און ארויסגעבער א ב ר ה ם  ר י י ז ע ן.

דאָס נייע לאַנד האָט זיך געשטעלט אלס ציעל צו דיענען דעם בעסטען לעזער אין אמעריקא און געבען איהם דאָס וואָס ער האָט לאַנג געזוכט.

דאָס נייע לאַנד גיט דאָס שעהנסטע און ערהאבענסטע, וואָס עס שאַפט דער אידישער גייסט אויף ביידע זייטען ים.

דאָס נייע לאַנד איז דער גייסטיגער צענטער פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק, וואָס רעדט, דענקט און פיהלט אין דער אידישער שפּראַך.

דאָס נייע לאַנד, נישט געהערענדיג צו קיין פּאַרטיי, האָט דאָך א בעשטימטע, בולט אויסגעדריקטע ריכטונג — פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַל.

דאָס נייע לאַנד איז א ריינע אידישע צייטשריפט אין פולסטען זינען פון'ם וואָרט: סיי אין סטיל, סיי אין אינהאַלט.

דאָס נייע לאַנד רופט זיך אָפּ אויף אַלע אידישע און אַלגעמיינע פראגען אין ליטעראַטור און לעבען.

דאָס נייע לאַנד איז פערבונדען מיט די גרעסטע אידישע שריפטשטעלער אין אייראָפּא, ארץ־ישראל און אמעריקא.

אבאָנעמענט פּרייז:

יעהרליך 2 דאָלאר.   אין קענעדע $2.50.   אין אייראָפּא 3 דאָלאר.

---

## „דאָס נייע לאַנד"

גיט איהרע אַבאָנענטען א גראַנדיעזע ליטעראַרישע פּרעמיום

# אלע ווערק פון אברהם רייזען אין 12 בענדער.

נייע גרויסע פאָלקסאָמע אויסגאַבע, געדרוקט אין אמעריקא. יעדען מאָנאַט א באַנד. רעגולאַר פּרייז פון די אלע 12 בענדער 6 דאָלאר. פאר די אבאָ־נענטען בלויז 2 דאָלאר. צוזאמען מיט'ן אבאָנעמענט פּרייז פאר דער צייט־שריפט — 4 דאָלאר. די סומע קען אויך אויסגעצאָהלט ווערען אין ראטעם: ביים אבאָנירען — 2 דאָלאר; ביים 5טען באַנד — 1 דאָלאר; ביים 8טען באַנד — דעם לעצטען דאָלאר.

**DOS NAYE LAND, 1 ESSEX STREET, NEW YORK**





זישאַ לאַנדוי.

# פונקען

.1

כ׳בין ביי דיינע פיס געזעסען
און פערבענקט געקוקט אויף דיר. —
ווי דער רעגען אויף די שויבען,
ציטערט ס׳קראַנקע הארץ אין מיר.
„זי וועט לאַנג, שוין לאַנג ניט לעבען״,
זאָגט מיר דונקעל אַ געפיהל.
כ׳האָב ביי גאָט פאַר דיין נשמה
לאַנג געבעטען אין דער שטיל.

.2

אַ וויַיטער רוף... אַ שטילער קלאַנג...
דו דרעהסט ערשטוינט דיין קאָפּ צוריק,
און ס׳פלאַמט אויף, גיפטיג ווי אַ שלאַנג,
אַ טרויער אין דיין מידען בליק — — —

דאָך עמיץ שעפּטשעט אונטער דיר:
„פערשלאָסען אויפ׳ן גרויסען שלאָס
„געבליבען איז די קליינע טיר,
„דער וועג — פערלאָרען איז אין גראָז.״

.3

פון זיינע טריט — בלויז ווידערקלאַנגען,
אַ שוואַכער אָבשיין פון זיין בליק. —
ווער ס׳איז אַמאָל אוועקגעגאַנגען,
קומט קיינמאָל מעהר שוין ניט צוריק.

נאָר נעמט דער אָוועגד ציטריג וויגען
אַ ליכט אַ פינסטערגרויש פאַר דיר,

ביים שוועל זעהסטו זיין שאָטען ליגען,
זיין קלאַפּען הערסטו אין דיין טיר.

.4

גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב!
אוי, היט מיין ליעבסטע אָב פון אַלעם שלעכטס.
זאָל דיין גענאַד איבער איהר זיך צעשפּרייטען,
זאָל איהר אַ מלאך אַ ווייסער בעגלייטען
אויף איטליכען טראָט פון איהר זאַמדיגען וועג.

* *
*

כ'בין דאָך, ערד, פון דיר געקומען,
איצט געה איך צו דיר צוריק.
ס'איז דאָס לעבען בלויז אַ חלום,
בלויז אַ קורצער אויגענבליק.

כ'האָב אזוי ביי גאָט געבעטען:
גאָט, אוי, גאָט! מיין טאָג פערשווינדט!
מאַך מיך ווי אַ הירש אַ פלינקען,
ווי אַ לייכטען, יונגען אינד, —

וועל איך תשובה־טאָהן זיך איילען,
ווייל מיין טאָג פערגעהט, פערוועהט,
און אַרום מיט שלאַנגען־רינגען
ליגט די שוואַרצע נאַכט צעשפּרייט.

גאָט מיין תפלה האָט פערנומען.
מיט אַ האַרץ בעפרייט פון זינד
קומט זיך ווידער איצט בעהעפטען,
מאַמע־ערד, מיט דיר דיין קינד.



דוד קאַסעל.

# מידע קלאַנגען

.1

פערבלייב ביי מיר —
די נאַכט וועט אונז פערשטעלען.
איך וועל דיר גוטע ווייגען שטעלען
און וועל מיין סוד פערטרויען דיר.

פערבלייב, מיין קינד, —
איך מאַך מיין האַרץ דיר אָפען:
מיר האָבען ביידע גוט געטראָפען
אין נאַכט און ווייענדיגען ווינד.

ס'וועט זיין אַ נאַכט —
פון צניעות'דיגען פלאַמען,
מיט ווייגען אויסגעמישט צוזאַמען,
ס'וועט זיין אַ נאַכט פון שטילער פראַכט.

.2

כ'בין צו דיר נאָך גליק געקומען —
נישט דערשרעק זיך: עטוואָס גליק.
האָסט אַ צאַרטען, ליעבען שמייכעל
און אַ זייד'נעם העלען בליק.

ביי דיין פענסטער וואַקסען בלומען
און אַ גאָרטען ביי דיין טהיר:
נעהם מיך אויף אין גרינעם גאָרטען.
האַלט מיך נאָהענט נעבען דיר.

כ'וועל בעשיידען זיין, געהאָרכזאַם,
ווי אַ קינד, וואָס וויים פון צער.
גיב אָן אָוועגד־שעה צוזאַמען —
איך וועל דאַנקבאַר זיין דערפאַר.

.3

אָוועגד, אָוועגד, שטעה וואָס לענגער,
אָוועגד, נישט פערפליה געשווינד:

כ׳האָב קיין גוסט נישט איצט צו לעבען —
נישט פאַר רייכקייט, נישט פאַר זינד.

כ׳דאַרף דאָס ליכט פון טאָג נישט האָבען
און דעם זינד־רייץ פון דער נאַכט :
כ׳האָב געליעבט און נישט דערענדיגט,
כ׳האָב געלאַכט און נישט דערלאַכט.

קאַלט און רוהיג קוקט דער הימעל,
ס׳איז די װוּנד־רוה מיר ליעב :
זאָל זי לאַנגזאַם מיך פערוויגען —
איך בין ניכטער, שטיל און טריב...

שרה רייזען.

* *
*

איך האָב קיין נייע קלאַנגען,
נייע מעלאָדיען, —
איך קען אויך קיינעם האסען
און פאַר קיינעם קניהען...
ער האָט מיר מיין ליעבע,
מיין ליעד אוועקגענומען.
פרעהט מיך נישט דער זומער
מיט זיינע בונטע בלומען.
ס׳איז מיין בלויער הימעל
מיט וואָלקען אויסגעהאַנגען.
שוואַרץ מיין זעל — אָהן טרוימען
און אָהן ליעבע קלאַנגען.
פול דאָס האַרץ מיט צער איז,
נאָר אָהן האַס, אָהן צאָרן :
כ׳ווייס נישט ווער ס׳איז שולדיג,
וואָס איז אַזוי געוואָרען !...



ש. י. אימבער.

# פריהלינג און הערבסט

זענען מיר געגאַנגען
אין גאַרטען און אין פעלד,
די בלומען און די זאַנגען
זיי האָבען נאָך געפעהלט —
מיט הערצער פול פערלאַנגען,
פון האָפנונגען בעזעלט,
זענען מיר געגאַנגען
אין גאַרטען און אין פעלד.

זענען מיר געגאַנגען
אין גאַרטען און אין פעלד,
די בלומען און די זאַנגען
זיי האָבען שוין געפעהלט —
דער שמערץ האָט אונז געפאַנגען,
מיט אויגען טרעהר־פערשטעלט
זענען מיר געגאַנגען
אין גאַרטען און אין פעלד.

ז. סעגאַלאָוויטש.

# די קאַשטאַנעס בליהען

ווי די תיינג־לייכטער די גרויסע
פון דער אַלטער שוהל,
וואַרפען ליכט די ווייסע צווייגען,
ווייסע בלומען פול...
די קאַשטאַנעס בליהען!

ווי די שעהנסטע חופה־שטאַנגען,
שטעהען זיי שוין גרייט;
וועמעס חתונה מיט מזל?
וועמעס איז דאָס פרייד?
די קאַשטאַנעס בליהען!..

ז. סעגאלאוויטש.

## צו דער נאטור...

נעהם מיך צו אין דיין שוים אויף א לאנקע
ביי א בוים, וועלכער שאטענט זיך קיהל;
ביי א טייך, וואו דער הימעל זיך שפיגעלט...
ווי א קינד וועל איך ליגען דארט שטיל...

ווי א קינד, וועלכע טהוט נאך דער מאמען,
וועל איך זינגען די לידער פון וואלד;
און דיך פאלגען, בלויז דיר, און מעהר קיינעם.
נעהם מיך צו אין דיין שוים און בעהאלט...

מארק שווייד.

## ראזע בריוולעך

שטענדיג, שטענדיג שיק מיר בלומען אין די בריוולעך,
כ'וועל זיי אייביג צו מיין הארץ מיט ליעבע דריקען.
אין די קליינע, שמעקעדיגע, ראזע בריוולעך,
זאלסטו אייביג, קינד מיינס, פרישע בלומלעך שיקען.

ווען איך אטהעם איין דעם אטהעם פון די בלומלעך,
פלאקערט אויף אין הארץ א ווילד־צורייצט בעגעהרען;
איך צובייס פאר כעס דאס קליינע, ראזע בריוועל,
און בעטהוי די בלימעלעך מיט מיינע טרערען...

## אין א פריהלינגס-נאכט

אויסגעהן וויל דאס הארץ פאר בענקען!
דופטיג איז די נאכט און קיהל;
עפעס ציהט דאס הארץ און רייסט זיך:
ס'ווייסט אליין נישט וואס עס וויל.

ס'ווייסט נישט... דאָך עס פיהלט דאָך, פיהלט דאָך,
אַז ווייט אין דער שטיל,
רייסט זיך אויך אַ קינדיש הערצעל
און... ס'ווייסט אויך נישט וואָס עס וויל.

# אויף די פעלזען

(אַ חלום).

העכער קלעטער, שרעק נישט, העכער שטייג.
הערסט דעם ים, דאָס ברויזען הינטען?.. שווייג!
העכער, דרייסט נאָר, שרעק נישט, דרייסט נאָר געה.
שוין? ביים שפּיץ? נו האַלט דיך, וואַרט, איך געה!

וואַרט כ'געה... כ'בין דאָ... שוין! איצט קוק דיך אום:
די זון פאַרגעהט... נעם מיך פעסט אַרום!
פעסט... און קוש... אַזוי! איצט קוק אַרויף.
אַה! אַה! — — שריי נישט! פאַלסט? ביזט צו דעם אַרויף!

# אַ חלום

כ'האָב אין חלום אַ זאַמדיגע מדבר געזעהען:
עס האָבען, ווי ווינטען, געבלאַנדזשעט די אויגען,
אין מיט איז אַנ'איינזאַמע פּאַלמע געשטאַנען
און אויבען איז לאַנגזאַם אַנ'אָדלער געפלויגען.

כ'האָב מיין יוגענד געזעהן אין אַ קרענקליכען חלום:
אַ כאָר פון מלאכים האָט טרויעריג געזונגען,
אַ פּנים אַ בלייכס האָט געקושט מיינע ליפּען
און איך האָב אַ ליעד אויף אַ האַרפע געקלונגען...
וויען.



א. ח. שעפּס.

*   *
*

איך וויל מיין פערציטערטע, שטילע נשמה
אויסהויכען מיט ליליען און רויזען צוזאַמען,
וואָס שטאַרבען אין הערבסט אויף די איינזאַמע פעלדער
ווי קרענקליכע קינדער ביים ברוסט פון דער מאַמען.

דער צפון־ווינד זאָל אַ געלעגער מיר בעטען
פון גאָלד־געלע בלעטער פון נאַקעטע צווייגען, —
און ס'זאָל מיינע אָפענע אויגען פערשליסען
די הערבסטיגע נאַכט מיט איהר זינדיגען שווייגען.

דערנאָך זאָל דער ווינטער מיט פראָסטיגע קושען
ס'פערגליווערטע בלוט פון די גלידער אויסנאַגען,
און איבער'ן קאָפּ מיך אין ווייסען פערטוליען —
און קדיש נאָך מיר זאָל אַ קראָהען־כאָר זאָגען.

דאַן זאָלען זיך דאָרפישע קינדער דערצעהלען,
פאַרנאַכט, מיט אַ פינגער צום פענסטער געצויגען:
ס'איז איינער אַ מענש אויפ'ן וועג דאָ געשטאָרבען,
געהאַט האָט ער שווארצע, פער'חלום'טע אויגען".

נאָר ווען ס'וועט די בשורה פון פריהלינג צוטראָגען
אַ וואַרימעס ווינטעל פון יענער זייט ים'ען —
זאָל איך מיט אַ נייער נשמה ערוואַכען
און בליהען מיט ליליען און רויזען צוזאַמען.

וואַרשוי.



פאָלק היילפּערן.

# קום צו מיר

קום, מיין קינד, צו מיר אין פעלד.
ליכטיג גרויס איז דאָ גאָט'ס וועלט;
בלאַנק איז דאָ דער שניי־געריוים,
ברייט און ווייט דער הימעלזוים.
און דאָ שפּיעלען זיך מיר צוויי
צווישען הימעל, צווישען שניי.
קומט און קנאַקט אַ קאַלטער פראָסט,
קומט אַ שטייפער ווינט און בלאָזט.
נעמען מיר אין קאָן זיי אויך,
יאָגען זיך און לאַכען הויך.
האָב פאַר פראָסט קיין מורא ניט;
זודיג איז מיין בלוט און בריהט.
שטייפער ווינט, ער פליהט גאַנץ שנעל, —
אָבער שנעלער פליהט מיין זעל.
קום מיט מיר אין פעלד, מיין קינד.
טרייבען פראָסט און יאָגען ווינד.

ווארשוי.

יהודית.

# דאס בעשיידענע בוימעל

דאָרטען ווייט אויף דעם פעלד, וואו עס ענדיגט דער וואלד זיך,
וואו עס טרעפען זיך ברייטע צוויי וועגען,
איז פון יאָהרען געשטאַנען אַ בוימעל אַ דינעס
אויף די ווינדען אין שניי און אין רעגען.

עס פלעגט קיינער ניט בלייבען ביי איהם, איהם ניט מערקען
אין זיין היילקייט, זיין אויביגען שווייגען;
און בעשיידען אַלין פאַר זיך געוויעגט האָבען זיי זיך,
זיינע איינצעלנע אויבערשטע צווייגען...

נאר איינמאָל האָט אַ מענש זיך פערבלאָנזשעט צום בוימעל.
מיטען זומער; אַן אָבענד אַ שטילער;
די לבנה אַ פולע געקוקט האָט פון אויבען
ס'האָט אַ ווינטעל געבלאָזען אַ קיהלער.

צו פון נייגעריגקייט, צו וואָס אנדערש, — געניייטיגט
האָט דער מענש זיך אין בוים ניט, אין ווארעם...
און דער בוים האָט אַ ציטער געטאָן, ווי ערוואַרטען
וואָלט ער לאַנג שוין פון פייער דעם אָרעם...

עס דערברענט שוין דער פלאַקער, אַט ווערט ער פערלאָשען,
אַלץ אַרום איז ווי דונקלער געוואָרען...
אַוועק איז דער מענש מיט זיין וועג; — פון דעם בוימעל
איז געבליעבען אין פעלד שטעהן אַ דאָרן.

י. בלייכער:

# אַ בריעף

ס'איז ליכטיג געוועזען נור איך האָב די לאָדען
פון ליכטיגען חדר פערמאַכט.
עס האָט זיך מיין זעעלע אין יאוש געבאָדען,
געוואָלט האָט זי גיכער די נאַכט.

און ס'האָט שוין מיין חיות צושראָקען געפלאַטערט —
אָ, פריינד מיינע, זייט מיר נישט בייז!
פאַר איינעם וואָס איז ביז צום שלאָף שוין פערמאַטערט
וואָס ניצט וואָס דער טאָג איז נאָך גרויס?

* *
*

איך האָב נישט בעמערקט ווי ס'איז אָבענד געוואָרען
איך שטעה אויפ'ן בריק און דער זילבערנער האָרן
שטעהט הינטערן טהורעם מיט'ן טהורעם שפּיץ גלייך
אונטען אין דונקעלהייט מורמעלט דער טייך.

איך שטעה און איך קלעהר און אַך גרויס ווערט מיין פּיין:
גאָט, ס'איז דאָך געוועזען פאַרוואָס זאָל נישט זיין
ווידער דערזעלבער פערלאָרענער גליק? —
אָראָב שווימט דאָס וואַסער און קומט נישט צוריק.



א. זעלדין.

# עקסטערנעס

(אַ קאָמעדיע אין איין אקט)

פּ ע ר ז אָ נ ע ן :

זיסקינד און שאַפּיראָ, עקסטערניקעס.
טויב און שניידער, שילער פון מאָהלער שול.
אַן אַלטיטשקע, האַלב בלינדע בעל הבית'טע.
אָרט דער האַנדלונג: אַ גרויסע ליטווישע שטאָדט.
צייט: פאַר דעם רעוואָלוציאָנערען פעריאָד.

(די סצענע שטעלט פאָר אַן אונגעוועהנליך גרויסען צימער. אין לינקען ווינקעל ביי ביידע וועגד שטעהען צוויי אַלטע דיוואַנעס. אויף זיי ליעגט אָנגעוואַלגערט די ניט־צוגעקליבענע בעט־געוואַנד; אַ פענסטער און אַ טהיר אין קיך. אין רעכטען ווינקעל — אַ טהיר אין שלאָף־צימער. אין מיטען אַ טיש מיט עטליכע שטוהלען. אין פאָדער־גרונד שטעהט אויף אַ שטוהל אַ ראָם איבערגעצויגען מיט לייוועגד, אויף וועלכען עס זיינען אָנגעוואָרפען קאָנטורען פון אַ מענשליכען געזיכט מיט שוואַרצען טוש).

ז י ס ק י נ ד (אַ בחור פון אַ יאָהר 20, שטאַרק געבויט, מיט אַ געזונדען אויסזעהן, זיצט פאַר'ן טיש פאַר אַ גאַנצען באַרג ביכער און שרייבט מיט אַ בלייפעדער גאַנץ פלייסיג).

ט ו י ב (עטוואָס אינגער, מיט אַן אונגעזונטען אויסזעהן, אין אַ צוריסענער קורטקע און אין צוריסענע שיך. זיינע געקרויזטע געדיכטע שוואַרצע האָאָר זיינען צושויבערט און אָנגעפילט מיט פעדערען. איין לאָק הענגט אַראָפּ און קריכט איהם אין די אויגען. די פינגער און דאָס געזיכט זיינען ביי איהם אויסגעשמירט אין טוש. ער געהט אַרום איבער'ן צימער, אימפּראָוויזירט אַ געדיכט און קלאַפּט צו מיט די פיס צום טאַקט):

מיר חלומ'ט זיך: אָט זעה איך די היימישע פעלדער,
די סעדער, די גערטנער, זיי שטעהען פאַר מיר קלאָר;
אין איינזאַמקייט און אומעט פערהילט זיינען זיי,
דער רוישענדער לעבען האָט פערגעסען זיי גאָר.

ז י ס ק י נ ד : דיר האָט זיך ווידער עפּעס גע'חלומ'ט?

ט ו י ב (דעקלאַמירט אויף דאָס ניי פון אָנפאַנג. פּויזע).

ז י ס ק י נ ד : איך דענק דו וואָלסט בעדאַרפט זיך דורכגעהן צו אַ דאָקטאָר וועגען דיינע חלומות.

ט ו י ב (פעררייסען): נו, וואָס וואָלט געווען?

ז י ס ק י נ ד : פיעלייכט וואָלט ער דיר געגעבען אַ רפואה דערצו, דו זאָלסט אויפהערען חלום'ען.

ט ו י ב : נו, וואָס וואָלט געווען?

ז י ס ק י נ ד : וואָלסט דאַמאָלסט אויפהערען פערפאַסען גראַמען, און איך וואָלט געקענט עפּעס טהאָן. דו פערטומעלסט מיר אַזוי די קאָפּ מיט דיינע ליעדער, כאַטש נעהם און אנטלויף פון שטוב.

ט ו י ב (אויפגערעגט) : געה צום טייפעל! (ער זעצט זיך צום בילד. ער צייכענט מיט'ן בלייפעדער און בלאָזט שטאַרק מיט די ליפּען).

ז י ס ק י נ ד : אז דו ווערסט שוין געהן צום דאָקטאָר וועגען די חלומות, זאָלסטו אין איין גאַנג ניט פערגעסען בעטען אַ רפואה צו דיין בלאָזען.

ט ו י ב (אויפגערעגט) : וואָס ווייטער?

ז י ס ק י נ ד : עס איז דאָך אַ געפעהרליכע זאַך דיין בלאָזען. דו ווערסט זיך אָנבלאָזען אַ פּאָר ליפּען ווי די פּעסער, דו ווערסט זיך נאַכהער ניט קענען ווייזען פאַר דיין געליעבטער...

ט ו י ב : געה צו אַלע שוואַרצע יאָהרען! (ער כאַפּט זיך אויף גערוועז פון שטוהל און לויפט זיך דורך איניגע מאָל איבער'ן צימער. ער טהוט פלוצלונג אָן זיין היטעל).

ט ו י ב : דאַוואַי דעננֿי, גיב געלד! (אונגעדולדיג) : איך וועל געהן עפּעס קויפען אָנבייסען. אָבער שנעל, איך האָב קיין צייט ניט. (זיסקינד פערטיעפט זיך אין שרייבען און שווייגט) מאַך זיך ניט נאַריש. וואָס מאַכסטו מלאכות, דו ווייסט דאָך אַז איך האָב גאָרניט געהאַט אין מויל אַ גאַנצען פריה־מאָרגען.

ז י ס ק י נ ד : איך האָב פיינד אַזעלכע שפּאַסען.

ט ו י ב : איך מיין גאַנץ ערנסט. איך זאָג דיר מיט'ן הארבען וואָרט: מוזשיק, דאַוואַי הראָשי; גיב געלד, איך וויל געהן עפּעס קויפען.

ז י ס ק י נ ד : און איך האָב שוין דיר צוואַנציג מאָל געזאָגט מיט'ן האַרבען וואָרט, אַז איך האָב ניט קיין גראָשען ביין לייב און לעבען.

ט ו י ב (קראַצט זיך פערצווייפעלט אין פּאַטיליצע, מיט אַ וויינענדיגער שטימע) : וואָס זשע טהוט מען? איך בין אַזוי הונגעריג, אַז איך פיהל די כחות געהען מיר אויס.

ז י ס ק י נ ד : דו ביזט בעדויערנסווערטה.

ט ו י ב : איך בעוואונדער מעהר ניט דיר, ווי דו קענסט אייגזיצען רוהיג. (קוקט איהם אַריין טיעף אין די אויגען.) דו האָסט מסתמא נאָך פון נעכטען בעהאַלטען אונטער'ן קישען אַ גאַנצע בולקע און היינט אין דער־פריה האָסטו זי אויפגעפרעסען ליגענדיג. (לאַכט).

ז י ס ק י נ ד: געוויס! —

ט ו י ב : כיי וואָלסט געווען לאָזען פאַר מיר אַ שטיקעל!

ז י ס ק י נ ד : פון וואַנען ווייסטו אַז איך האָב ניט געלאָזען?

ט ו י ב (מיט חשד) : נו?! (קראַצט זיך אין פּאַטיליצע). אַ קשיה אויף אַ מעשה: מען דאַרף געהן אַ קוק טהאָן. (געהט אונטערגעשלאָסען צו זיסקינד'ס געלעגער, הויבט אויף פּאַרזיכטיג די קישען, שאַרט דאָרט מיט'ן האַנד און געהט אָפּ ענטוישט. זיסקינד צולאַכט זיך).

זיסקינד: האָסט ניט געפונען? מסתמא האָט אַ קאַץ אויס־געלעקט. (לאַכט).

טויב (טראַגיש): זאָג מיר נאָר, דו געזונטער גוי איינער, וואו נעהמסט דו אַ הארץ צו לאַכען אין אַזאַ צייט?

זיסקינד (געריהרט): איך וועל דיר זאָגען די וואָרהייט. עס איז אַזוי נייַ און אינטערעסאַנט פאַר מיר די גאַנצע געשיכטע, אַז איך קען זיך ניט איינהאַלטען.

טויב: נישקשה, דו זאָלסט געווען הונגערען אַזוי פיעל וויפיעל איך, וואָלט דיר ניט געווען אַזוי אינטערעסאַנט.

זיסקינד: זעהר מעגליך. דערווייל קען איך זיך אָבער ניט איינהאַלטען.

טויב: דאָס איז ביי דיר די ערשטע גאַלאַדאָווקע?

זיסקינד: דערווייל די ערשטע ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר.

טויב: ווי לאַנג אַז דו ביזט שוין דאָ?

זיסקינד: שוין דריי מאָנאַטען, ביז הונדערט מיט צוואַנציג יאָהר.

טויב: דאָס אַלעם? אַבי מיר האָט זיך די צייט געפעהרליך אויס־געצויגען.

זיסקינד: וואָס איז דער וואונדער, אַז מען האָט אַ סך קאָפּ־דרעהעניש, ציהט זיך אויס די צייט.

טויב: וואָס לאַכסטע? צוויי וואָכען צייט אַז איך בין נאָכגעלאָפען נאָך דער בילד! מענש, דו הערסט, צוויי וואָכען צייט! און כאָטש האַק איהר די קאָפּ, מעהר פון דריי רובל האָט זי ניט געוואָלט געבען, כאָטש ברען זי, כאָטש בראָט זי! (ווייזט אויפ'ן בילד). אַזאַ אַלטע שפלה און מעהר ווי דריי רובל גיט זי ניט! איך וועל איהר דערפאַר מאַכען אַזאַ בילד, אַז עס וועט זיין אַז אָך און וועה צו איהרע יאָהרען!

זיסקינד: דו וועסט זיך דערדיענען, אַז זי וועט דיר גאָר ניט בעצאָהלען.

טויב: וואָס? זי וועט ניט צאָהלען? זאָל זי ניט בעצאָהלען! צוויי רובל האָב איך שוין ביי איהר גענומען.

זיסקינד: אָן אויפגאַב?

טויב: איין אויפגאַב! און וואָס איז טוש — אַ הונד? און לייוועגד איז אַ הונד? און אַ ראַם איז וואָס?

זיסקינד: און וואָס בלייבט דיר?

טויב: מיר וואָס בלייבט? מכות מיט קדחות מיט כשרה פּאָדים.

זיסקינד (מיט אַ געמאַכטען זיפץ): יע!

טויב: אָט דאָס, גוטער ברודער, איז די לאַגע פון דעם מאָהלער! לערען זיך, לערען זיך; געה אַרום קרוע־בלוע, שטענדיג הונגעריג, שטענדיג אָבגעריסען, לויף נאָך וואָכען־לאַנג נאָך אַ בעשטעלונג, און אַז גאָט העלפט דיר דו רעדסט שוין איין אָן אַלטע מכשפה זי זאָל מאַכען זיך אַ בילד, בעצאָהלט

זי דיר אַזוי, אַז עס בלייבט דיר ניט מעהר ווי אויף אַ שטריקעל זיך אויפ־צוהענגען.

ז י ס ק י נ ד : יאַ, זעהר טרויעריג. לאָז זשע מיר אָבער צו־רוה; איך דאַרף ענדיגען מיין אוראָק, איך דאַרף נאָך גאַנצע צוויי בלעטלעך איבערשרייבען. (ער פערטיעפט זיך אין שרייבען).

ט וֹ י ב (געהט אַ ווײַלע אום שטיל, פערטראַכט, נאָכהער הויבט ער אָן ווידער אימפּראָוויזירען) : מיר חלומ'ט זיך איך זעה ווידער די היימישע פעלדער און ז. וו. (אַ לאַנגע פּויזע). עס איז דאָך קיין פּלאַן ניט אַזוי צו הונגערען! מען מוז דאָך עפּעס זיך געבען אַן עצה.

ז י ס ק י נ ד (ערנסט) : בנאמנות איך ווייס גאַרנישט.

ט ו י ב (אונזיכער): וואָלט ניט געווען אַ פּלאַן צו געהן צו דער בעל־הבית'טע און בעטען ביי איהר לייהען אַ פּאָר קאָפּיקעס?

ז י ס ק י נ ד (שטאַרק פערטיעפט) : ס'קען זיין, אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן.

ט ו י ב (געהט זיך דורך איבער'ן צימער) : פאַר וואָס זאָלסטו ניט צוגעהן און אַ בעט טהאָן אַ טובה? (זיסקינד פערקרימט דאָס געזיכט). איך לאַך זיך אויס! איך וואָלט אַליין צוגעהן; איך דענק אָבער, אַז דו ביזט ביי איהר אַ בעסערער בטוח...

ז י ס ק י נ ד : איך האָב שוין איינמאָל געבעטען, האָט זי געזאָגט אַז זי האָט ניט קיין קליין־געלד.

ט ו י ב (מיט ענטריסטונג): גאָר אַזוי? ! אַט אַ מכשפה! (געהט ווידער אַוועק איבער'ן צימער).

ט ו י ב (נאָך אַ קורצען שווייגען, אַזוי ווי פאַר זיך) : און אפשר איז דאָס טאַקע געווען אַן אמת: אפשר האָט זי טאַקע ניט געהאַט קיין קליין־געלד און יעצט קען זיין האָט זי שוין. (זיסקינד שווייגט). דו ווייסט ניט, זי האָט שוין יעצט קליין־געלד? זי איז דאָך ניט לאַנג אַרונטער אין גאַס, האָט זי מסתמא צובּיטען...

ז י ס ק י נ ד (פערטיעפט) : איך ווייס ניט.

ט ו י ב : וואָרום זאָלסטו ניט צוגעהן נאָך אַ מאָל אַ פרעג טהאָן? געה צו! וואָס האָסטו מורא פאַר איהר? דו ווייסט, אַ טהייערע מציאה...

ז י ס ק י נ ד : מיר איז עפּעס ניט אַנגענעהם געהן נאָך אַ מאָל זיך ערניעדריגען פאַר איהר...

ט ו י ב : ערניעדריגען זיך גאָר?! און אַז זי האָט ביי דיר פון אָנ־פאַנג געליהען גאַנצע רובעלס, איז ניט געווען קיין ערניעדריגונג פאַר איהר. געה צו! וואָס ווערסטו נתפּעל: וועט זי ניט געבען, וועט זי ניט געבען. כאַפּט זי דער טייפעל!

ז י ס ק י נ ד (שטעלט זיך אויף, שטעהט אַ ווײַלע אונענטשלאָסען, זעצט זיך אָבער שנעל צוריק. מיט ענטשלאָסענהייט) : ניין, איך קען ניט, איך וועל ניט געהן!

ט ו י ב (מיט כעס) : ביזטע אַ פּראָ אָדם!

(די בעל הבית'טע, אַן אַלטמשקע, קורצינקע, איינגעהויקערטע האַלב־בלינדע אידענע, געהט אַריין פון קיך און שטעלט זיך לעבען פענסטער שפּאַלטען אַ קינעלע. צוליעב איהר קורצזיכטיגקייט האַלט זי דעם מעסער אַנטקעגען אויג און ציעלט זיך מיט'ן שפּיץ פון דער קינעלע אויף איהם. איהרע הענד זיינען אונגעשיקט און ציטערען).

ט ו י ב (בויגט זיך אַן כמעט צו זיסקינדס אויער, רעדט שנעל מיט אַ ניעדריגער שטימע): נוץ אויס די געלעגענהייט, צושפּאַלט איהר די קינעלע און בעט אַ 10 קאָפּיקעס, אָבער שנעל!

ז י ס ק י נ ד (אונגעדולדיג): אָבער לאָז מיר צו־רוה!

ט ו י ב (וואַרפט אויף איהם אַ דונער־טראַגענדען בליק און לאָזט זיך מיט אַ פעסטען טראָט צו דער בעל־הבית'טע: ווייזט אַהער! (ער רייסט כמעט אַרויס דעם מעסער מיט דער קינעלע ביי איהר פון די הענד און שפּאַלט מיט האַרץ): איהר האָט נאָך עפּעס קינעלאך, טו ווייזט אַהער, וועל איך זיי אַלע צו־שפּאַלטען אין איין קלאַפּ...

ד י ב ע ל ה ב י ת ' ט ע: אַ דאַנה, אַ דאַגה; זייט זיך ניט מטריח. אַ דאַנק, אַ דאַנק...

ט ו י ב: ניטאָ פאַר וואָס. (די בעל הבית'טע געהט צוריק צום קיך). זייט אַזוי גוט, בעל הבית'טע, איך האָב געוואָלט עפּעס אייך פרעגען.

ד י ב ע ל ה ב י ת ' ט ע: האַ? וואָס?

ט ו י ב: איך האָב אייך געוואָלט פרעגען — — — יע, איהר זייט געווען ערשט אין גאַס?

ד י ב ע ל ה ב י ת ' ט ע: יע.

ט ו י ב: האָב איך אייך געוואָלט פרעגען — ע ע ע — ווי איז עפּעס יעצט אין גאַס, קאַלט צי וואַרים? איך דאַרף באַלד געהן אין אוטשילישטשע ווייס איך ניט צו אָנטהאָן דעם פּאַלטאָ צו ניין...

ד י ב ע ל ה ב י ת ' ט ע: טהוט בעסער אָן, וועט זיין גלייכער.

(פערשווינדט. טויב שטעקט איהר אַרויס אַ צונג און פערקוקט זיך אין פענסטער).

ז י ס ק י נ ד (הויבט אויף די קאָפּ): פאַרוואָס האָסטו ניט אויס־גענוצט די געלעגענהייט?

ט ו י ב (כלא ידע): וועלכע?

ז י ס ק י נ ד: דו האָסט דאָך איהר צושפּאַלטען אַ קינעלע, פאַר וואָס האָסטו ניט געבעטען אַ פּאָר קאָפּיקעס?

ט ו י ב: איך האָב פערשפּאָרט ביי איהר בעטען. איך זעה דאָך, אַז זי וויל ניט געבען. איך פרעג ביי איהר צו זי איז געווען אין גאַס און דערצעהל איהר אַ מעשה אַז איך דאַרף געהן אין אוטשילישטשע, און זי מאַכט זיך כלומפּערשט ניט וויסענדיג. וואָס, זאָל איך פאַלען אויף די קניע פאַר איהר, פאַר אַזאַ אַלטער מכשפה?!

ז י ס ק י נ ד (קוקט אויף איהם אויפמערקזאַם): ווייזט אויס אַז דו ביזט נאָר אַ גרויסער בריה מיט'ן צונג! (ער פערטהוט זיך ווידער).

ט ו י ב (טראַכט אַ ווייל'ע, הויבט אָן ציעלען פון דער ווייטען): דו

ווייסט, איידער דו ביזט געקומען איז אויך געווען אזא מעשה. עס איז ביי אַלעמען אויסגעגאַנגען ביז דעם לעצטען גראָשען. איך בין אומגע־לאָפען א גאַנצען פריהמאָרגען און איך האָב גאָרנישט געקענט קריגען. ווייסטע וואָס מיר האָבען געטהאָן? מיר האָבען אויפגעקליבען אַלע אונזערע ביכלאַך, וועלכע זיינען נאָר געווען, מיר האָבען זיי פערקויפט און מיר האָבען געמאַכט שמחת תורה. (ער וואַרפט אַ בליק אויף די ביכער אויפ'ן טיש).

ז י ס ק י נ ד (רוקט צו די ביכער צו זיך): געה דערצעהל די מעשה דער באָבע דיינער...

ט ו י ב (מיט היץ): נו, טשעסטנאָיע, בלאַגאָראָדנאָיע סלאָווא! איך גיב דיר מיין עהרען־וואָרט פון אַן אָרענטליכען מענשען, אז דאָס איז אַן אמת!

ז י ס ק י נ ד (מיט חשד): האָסט אַמאָל געהאַט אַ ביכעל אויף דיין לעבען?

ט ו י ב: וואָט טיעבע נאַ! אויף מיין עהרען־וואָרט, איך האָב געהאַט מעהר ביכער פון דיר!

ז י ס ק י נ ד: אויף וואָס האָסטו זיי געדאַרפט?

ט ו י ב: וואָס הייסט אויף וואָס? איך האָב זיך געלערענט! אוי, ווען איך האָב די ביכער ביז היינטיגען טאָג, וואָלט איך געהאַלטען גאַנץ ווייט...

ז י ס ק י נ ד: אַ נעכטיגער טאָג, דו וועסט ווייט ניט געהן. אז דו קענסט פערקויפען דיינע לעהר־ביכער אין דער צייט, ווען דו דאַרפסט זיי, וועסטו ווייט ניט געהן.

ט ו י ב: עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. איך לערען זיך יעצט אויך און ס'קען זיין, אז איך זאָל נאָך מאַכען מעהר ערפאָלג פון דיר. (זיסקינד קוועטשט מיט די פלייצעס). איך דאַרף ניט זיצען גאַנצע טעג און זוברעווען, זוברעווען ווי דו; איך לערען זיך ניט צוליעב די עקזאַמענס, איך לערען זיך צוליעב דעם וויסען אַליין. אַ מאַהלער מוז זיין אַ העכסט געביל־דעטער מאַן.

ז י ס ק י נ ד: ס'קען זיין.

ט ו י ב: איך קוק אויף דיר און זעה אז דו ביזט טרוקען, אז דו האָסט ניט קיין פונק פון אַ מאַהלער, דעם אַרטיסטישען אָדערעל... דו ביזט אַזוי טרוקען און אויסגערעכענט ווי אַ קרעמערעל. אַן אַרטיסט טאָר ניט זיין אויסגערעכענט. אַן אַרטיסט אין נויטה פערקויפט די לעצטע העמד, דעם לעצטען ביכעל און פאַר מאָרגען זאָלען זיך די קרעמערלעך זאָרגען! און אין דיר איז עס ניטאָ...

ז י ס ק י נ ד: ס'איז מסתמא אַ גאָט זאַך...

ט ו י ב: מען קען נאָך ניט וויסען. עס גיבען פיעלע מענשען, וואָס וויסען אַליין ניט פון זייער בערוף. ס'איז רעכט, אז אין דיר שלאָפט אַ ריעזיגער געניע און דו ווייסט אַליין ניט פון איהם...

ז י ס ק י נ ד: איך צווייפעל עפּעס...

טוֹיבּ: האָסט געפּרוּאווט אַ מאָל עפּעס מאָהלען? פאַר וואָס זאָלסטו ניט פּרוּאווען?

זיסקינד: מיר האָט זיך עס קיינמאָל ניט געוואָלט.

טוֹיבּ: האָסטע קיינמאָל ניט געמאָהלען עפּעס פערדעלאַך, קעצעלאַך, הינטעלאַך, מענשעלאַך צו שטיבעלאַך?

זיסקינד: ניין.

טוֹיבּ: ניין? קיינמאָל ניט? ווייזט טאַקע אויס אַז אַן ארטיסט מוז מען געבאָרען ווערען. איך, גוטער ברודער, צו צעהן יאָהר האָב שוין געמאָהלען פון דער נאַטור, גאַנצע לאַנדשאַפטען האָב איך געמאָהלען. (פערטראַכט זיך אַ ווײַלע). יע, האָסטע אַ מאָל געפּרוּאווט עפּעס שרייבען — געדיכטע אָדער פּראָזאַ?

זיסקינד: איבערזעצונגען פון דייטש אין רוסיש האָב איך געשריעבען.

טוֹיבּ: ניין, איך מיין, האָסטו עפּעס געשאַפען אַליין, פון זיך, עפּעס פערפאַסט אַ ליעד, צו אַזוי עפּעס־וואָס, קיינמאָל ניט? (זיסקינד קלייבט צונויף די ביכער). נור וואָס איז די פּעולה מיט דיר צו טענה'ן? עס זעהט זיך גלייך, אַז דו ביזט ניט קיין אַרטיסט. ווען דו וואָלסט דאָס געווען, וואָלסטו ניט פערשלאָסען די ביכער אין קאַסטען, נאָר דו וואָלסט געזאָגט: נעהם זיי, טויב, טהו מיט זיי וואָס דו ווילסט; פערקויף זיי, ברען זיי, בראָט זיי, אבי ברענג עפּעס אָנבייסען!...

זיסקינד (בינדט צוזאַמען די ביכער מיט אַ רימען): ליידער בין איך דאָס ניט... גאַנץ געוויס, די לאַגע איז טרויעריג; איך בין אויך טויט־הונגעריג. נאָר די ביכער קען איך ניט געבען: ערשטענס זיינען זיי ניט מיינע, זיי זיינען דעם לעהרער'ס, און צווייטענס — — —

טוֹיבּ (שלאָגט איהם איבער): שטעל אויס דעם לעהרער אַ פייג! ווייסט וואָס איך האָב געטהאָן? איך האָב איהם דערצעהלט אַ מעשה, אַז די פּאָליציי האָט געמאַכט ביי מיר אַן אָביסק, האָט צוגענומען ביי מיר אַלע ביכער, — איז געוואָרען כשר. אַ דאגה אַ תירוץ!

זיסקינד: דערווייל ניין.

טוֹיבּ (מיט היץ): דו ביזט עפּעס אַ פלאָקען און ניט קיין מענש! (זעצט זיך ראָש צום בילד מאָהלען).

זיסקינד (געהט זיך דורך לאַנגזאַם און פערטראַכט איניגע מאָל איבער'ן צימער): פון דעסטוועגען דאַרף מען פאָרט געהן צום אוראָק. איינס דאָס אַנדערע איז ניט שייך; שלאָגען צו בענשען געהער ניט...

טוֹיבּ (מיט הארץ). איך געה ניט! זאָל דאָס געהן אַלעס צום טייפעל! איך קען ניט געהן מיט אַ ליידיגען מאָגען...

זיסקינד: און ביי מיר איז פּונקט פערקעהרט. אויף אַ ליידיגען מאָגען לערענט זיך בעסער. מען דאַרף געהן. (נעהמט די ביכער, טהוט אָן די היטעל און געהט).

ט ו י ב (צייגט איהם אַ קולאַק, כאַפּט זיך גלייך אויף נאָכדעם, לויפט אַרום נערוועז, דעקלאַמירט): מיר חלום'ט זיך איך זעה ווידער די היימישע פעלדער א. ז. וו. (חזר'ט דאָס איבער איניגע מאָל).

(שניידער און שאַפּיראָ קומען אַריין. ביידע אין דעם עלטער ניט העכער פון צוואַנציג יאָהר. שניידער אָנגעטהאָן אין אַ שילער־יוניפאָרם, פערהעלטניס־מעסיג גאַנץ אָנשטענדיג. ער איז ריהרעוודיג, בעוועגליך, רעדט שנעל. שאַפּיראָ מיט צושויבערטע האָר, מוטשעט זיך ריידען מיט אַ גראָבער, שכור'ער שטימע, וויל מאַכען אַן איינדרוק פון אַ הפקר־יונג).

ש נ י י ד ע ר (לויפט גלייך צו טויב'ען): טייבעלע, קעצעלע, ענטעלע מיינע, לייה מיר ביז מאָרגען צוואַנציג קאָפּיקעס; ניטאָ קיין גראָשען ביי לייב און לעבען.

ט ו י ב (תמ'עוואַטע): האַ? וואָס? ווילסט מיר פערריכטען די שיך? נאַ פערריכט! (שטרעקט איהם אויס אַ פוס מיט אַ צוריסענעם שוך).

ש נ י י ד ע ר (אָפּגעקיהלט): גיב מיר צוואַנציג קאָפּיקעס ביז מאָר־גען; איך בין היינט אין אוטשילישטשע ניט געגאַנגען, איך האָב ניט געהאַט אויף אָנבייסען...

ט ו י ב (תמ'עוואַטע): האַ? דו ווילסט אַ נאָדעל־פּאָדים? גוט, זיץ אַ ווײַלע.

ש אַ פּ י ר אָ (פילאָזאָפיש־קאַלטבלוטיג): דער מענש האָט זיך געריהרט פון זינען. (קוקט אַראָפּ אויף זיינע שיך).

ט ו י ב (צו שאַפּיראָ'ן): אָה, גרויסער פילאָזאָף שאַפּירא, זאָגט מיר וואָס וויל פון מיר דיעזער שטערבליכער?

ש אַ פּ י ר אָ (צוצויגען): דיעזער שטערבליכער וויל 20 קאָפּיקעס אויף אַן אָנבייסען פאַר מיר מיט איהם.

ט ו י ב (מיט פּאַטהאָס): לאַנג לעבען זאָל אונזער גרויסער דענקער! איך בין ניט ווערטה צו שטעהן אין זיינע ד' אמות! זאָגען זיי נאָר מיר, פון וואַנען האבען זיי געדרונגען, אז איך האָב 20 קאָפּיקעס?

ש אַ פּ י ר אָ: דו האָסט דאָך דעם געלד־זאַק, זיסקינד'ען.

ט ו י ב (דראַמאַטיש): די שמאַלץ־גרוב איז אויסגערונען.

ש אַ פּ י ר אָ (פערוואונדערט): ער האָט שוין מעהר קיין געלד ניט?

ט ו י ב: ניטאָ! עס איז אויסגעגאַנגען די לעצטע קאָפּיקע. היינט האָבען מיר ביידע קיין אָנבייסען נאָך ניט געגעסען. ער איז אזוי אַוועק ניט קיין געגעסענער צום לעהרער.

ש נ י י ד ע ר: זעהר אַ פּאַסקודנער עסק! (זעצט זיך אַוועק מיט אַ זיפץ לעבען בילד און בעטראַכט די אַרבייט).

ש אַ פּ י ר אָ: ער האָט דאָך נאָך אַ סך חפצים מיט מטלטלים; אַ סך נייע ביכער. מען קען דאָך דערפון מאַכען געלד.

ט ו י ב: ער גיט ניט!

ש אַ פּ י ר אָ: וואָס הייסט, ער גיט ניט? ווי גיט דאָס ניט אַ מענש ווען ער האָט און אנדערע האָבען ניט?

ט ו י ב : ער זאָגט : איינמאָל ניין ! איך האָב איהם דערצעהלט א מעשה, אז אלע ארטיסטען טהוען אזוי, — זאָגט ער, אז ער איז ניט קיין ארטיסט. איך האָב איהם איינגערעדט ער זאָל זיך נעהמען מאָהלען, ער זאָל ווערען א מאהלער אָדער אַן אַקטיאָר, וויל ער דערפון ניט הערען.... א שלעכטע מעשה מיט איהם..

ש א פּ י ר אָ : יע, א שלעכטע מעשה ! (לאָזט זיך אַראָפּ שווער אויף אַ דיוואַן).

ש נ י י ד ע ר : אי, טייבעלע, וואָס האָסטו געמאַכט אזא שווארצען פּאָן אויף דער בילד !? און די טאָגען זיינען אזוי שווארץ, ווי די חלומות דיינע !

ט ו י ב (לויפט צו און רייסט אַרויס די בילד) : איך בעט דיר ניט פאר קיין מבין !

ש נ י י ד ע ר (שטעלט זיך) : מערקווירדיג, דער מענש קען ניט מאכען די איינפאכסטע בילד, ער זאָל ניט אָנפּאַטשקען. דארפסט דאָך אויסגעבען א פערמעגען אויף טוש אליין.

ט ו י ב : גיב איך אוים ; ניט דיין עסק.

ש נ י י ד ע ר (צו שאַפּיראָ'ן) : עס איז ניטאָ א זאַך, וואָס ער זאָל ניט נעהמען מאָהלען און זאָל דאָס ניט פערפּאַטשקען. זיין מאָהלען איז געוואָרען א סימבאָל פון שלעכטען מאָהלען. אז דער לעהרער וויל אימיצען זאָגען אז ס'איז שלעכט, זאָגט ער : „עטאָ פּאָ טיובאָווסקי", אָדער : „עטאָ טויבנאָוושטשינאָ". ווי איך בין א איד !

ט ו י ב : זאָלסטו אזוי לעבען, דו ליגנער איינער !

ש נ י י ד ע ר (היציג) : אָמן ! זאָל איך אזוי לעבען און דו ניט, ווי ער האָט דאָס געזאָגט.

ט ו י ב (טריאומפירענדיג) : ליגנער, דאָס האָט ער געזאָגט אויף דיר : „עטאָ שניידעראָוושטשינאָ, עטאָ פּאָ שניידערסקי !"...

ש נ י י ד ע ר (כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ) : אוי, אוי, אוי, ס'אַרא ליגנער ! ס'אַ הונד דאָס איז ! (צו שאַפּיראָ'ן) : הערסט ? אין די אויגען ! אין די אויגען !

ש א פּ י ר אָ : לאָז צו־רוה ! זעהסט דאָך, דער מענש איז אויפ־גערעגט. קענסט ניט פערלאַנגען גערעכטיגקייט פון א הונגעריגען ארטיסט...

ש נ י י ד ע ר : אָבער אזא ליגען, אזא אונפערשעהמטער ליגען ! איך וועל דיר צייגען אויפ'ן אָרט. (צו טויב'ען) לאָמיר שוין מאכען א צייכנונג פון שאַפּיראָ'ן. לאָמיר שוין זעהן ווער וועט מאכען בעסער....

ט ו י ב : אהער, אהער ! איך בין גרייט. נעהם אקארשט פּאַפּיער מיט א בלייפעדער. (צו שאַפּיראָ'ן). זיץ א ביסעל גלייך, ס'וועט לאנג ניט נעהמען.

ש נ י י ד ע ר : זיץ, זיץ ! טאקע ניט מעהר ווי צעהן מינוט. ניט מעהר, זאָג איך דיר !...

ש א פּ י ר אָ (שטעלט זיך אויף) : געהט אוועק ! איך וויל עסען,

שדים! גיט פריהער עפּעס אָפּעסען, וועל איך אייך נאָכדעם זיצען א גאַנ־צען טאָג...

ש נ י י ד ע ר (היציג): אויף מיין עהרען־וואָרט, ווען דו פאָזירסט ניט יעצט פאַר אונז, גיב איך דיר מיין עהרען־וואָרט, אז איך וועל מיט דיר קיינמאָל אין לעבען קיין וואָרט ניט ריידען! אויף מיינע הייליגע, עהרליכע נאמנות! (שאַפּירא קעהרט זיך אָפּ). שאַפּירינקע, ליעבינקער, הארציגער, טהייערינקער, זיץ א ווייל׳ע. טהו מיר א טובה! ביז׳ן גרוב וועל איך דיר די טובה ניט פערגעסען!

ט ו י ב: ברענג א מאָל אויך א שטיקעל נוצען דער הייליגער קונסט! זעהסט צוויי קינסטלער שטעהען פאַר דיר מיט רווישענדע הערצער, מיט ברענענדיגע בליקען: גיב זיך אונטער!

ש א פּ י ר א (קאַלטבלוטיג): אז איהר וועט אפילו אוועקשטעלען איין פוס אויפ׳ן הימעל און די צווייטע אויף דער ערד, וועט איהר ביי מיר ניט פועל׳ען. איינמאָל ניין! (קעהרט זיך אָפּ).

ט ו י ב (צו שניידער׳ען): ער האָט אין זיך אויך ניט דעם ארטיס־טישען אָדערעל!

ז י ס ק י נ ד (קומט אריין פערסאָפּעט, זעצט זיך אַוועק מיעד): צום טייפעל! פערגלוסט זיך מיין לעהרער ערגעץ אוועקפאָהרען און ער לעגט מיר אָפּ מיין אוראָק אויף צוויי דעם זייגער. היינט וואָס טהוט מען יעצט?

ש א פּ י ר אָ: און איך וועל דיר זאָגען: נאַרעשקייטען, הבל הבלים! שפּיי זיך אויס אויפ׳ן לעהרער מיט די ביכער מיט אַלעמען מיט אנאנדער, און לאָמיר מאכען א סעודה!

ז י ס ק י נ ד: נארישקייטען. אויב ניט דער לעהרער מיט די ביכער, דארף איך אַלעס אויף כפּרות! פאָהר איך אוועק אהיים און לעב א טאָג!

ש א פּ י ר אָ: א גליקליכע רייזע. ס׳וואָלט געווען די גרעסטע חכמה. (זיסקינד הויבט זיך אויף, נעהמט די ביכער און געהט אַרויס אין שלאָף־צימער).

ט ו י ב: אָט אַן אויסוואורף! ער ציטערט אז מען כאַפּט צו ביי איהם די ביכער!

שא פּ י ר אָ: און איך זאָג דיר, ער איז א מענש! פון איהם וועט גיכער ווערען א לייט ווי פון אונז. (געהט זיך דורך פערטראַכט). פון דעסטוועגען איז דאָך פאָרט פאַסקודנע אַזוי. מען דארף דאָך עפּעס אויס־טראַכטען.

ט ו י ב: מען דארף סיידען געהן בע׳גנב׳ענען א קלויסטער...

ש א פּ י ר א: ווייסט ניט, ביי דיין בעל הבית׳טע איז פאַראַן עפּעס ברויט?

ט ו י ב: איך האָב געזעהן א גאַנצען לאַבען אין שאַפּע.

ש א פּ י ר א: וואָלט מען ניט געקענט אַנטלייהען אַזוי א שטיקעל, ווען זי זעהט ניט?

ט ו י ב: (שאָקעלט אויף ניין מיט׳ן קאָפּ) עס לוינט זיך ניט אָנ־

הויבען. זי וועט ארויסלאָזען א קלאַנג, אז די קוואַרטיראַנטען האָבען זי בע'גנב'עט...

ש נ י י ד ע ר : אַזאַ שלעכטע איז זי דאָס?

ט ו י ב : און אז זי איז ניט קיין שלעכטע, איז וואָס? לאָמיר בעסער געהן לייהען ביי דיין בעל הבית'טע. וואָס קומסטו עפּעס צו מיינער?

ז י ס ק י נ ד (קומט אַרויס) : איך זעה, חברה, אז דאָ איז היינט א תענית־צבור.

ש א פּ י ר א (ערנסט) : הער זיך איין, זיסקינד. איך האַלט דיר פאַר א קלוגען בחור. דאַרפסט זיך קענען רעכענען מיט אומשטענדען; דאַרפסט פערשטעהן, אז מען מוז דאָך עפּעס אָפּעסען.

ז י ס ק י נ ד (שמייכלענדיג): איך דענק, אז די איינציגע עצה איז, אז טויב זאָל צושפּאַלטען דער בעל הבית'טע עטליכע קינעלעך און בעטען לייהען ביי איהר א פּאָר קאָפּיקעס...

ט ו י ב (שפּיוט אוים מיט האַרץ און קעהרט זיך אָפּ).

ש א פּ י ר א : מילא, טהו שוין דו א בעט; דו זעהסט דאָך, ס'איז אַן עת צרה, העלף אַרוים.

ש נ י י ד ע ר : העלף אוים, ברודער לעבען, דעם מאָל נאָר...

ז י ס ק י נ ד (טראַכט א ווײלע) : פאַר זיך אַליין וויים איך ניט צו איך וואָלט דאָס געטהאָן, נאָר ביי א צרת רבים מוז מען. (ער געהט אַרוים אין קיך).

ז י ס ק י נ ד (פון קיך): וואו איז זי?

ט ו י ב : טהו זי א זוך אין פּעסעל. ס'קען זיין זי איז אריינגעפּאַלען אין פּעסעל וואַסער...

ז י ס ק י נ ד (קומט אַריין) : זי האָט געמוזט ערגעץ אַרוים.

ט ו י ב : ס'מכשפה! זי האָט דערהערט, אז מען וויל ביי איהר בעטען לייהען, איז זי אַנטלאָפען...

ז י ס ק י נ ד : ביזטו זיכער, אז דו רעדסטס אויף איהר ניט קיין אומזיסטע לשון הרע?

ט ו י ב : זיכער ווי דער טאָג. איך האָב בעמערקט, אז זי איז די גאַנצע צייט געשטאַנען הינטער'ן טהיר און האָט אונטערגעהערט און אז זי האָט דערהערט אז מען וויל ביי איהר בעטען לייהען, איז זי אַנטלאָפען.

ז י ס ק י נ ד : אַן אַנדערס מאָל וואָלט איך דיר ניט געגלויבט, היינטיגעס מאָל וויל איך דיר גלויבען. (טראַכט א ווײלע). עס וועט זיין רעכט. דאָרט וואו מען קען ניט קריגען אויף אַן עהרליכען אופן, מוז מען האַנדלען דיפּלאָמאַטיש. איהר, מיינע הערען, דאַרפט קומען מיר צו הילף. איך וועל אַרויסגעהן אין הויף און אז די בעל הבית'טע וועט אריינקומען, זאָלט איהר מיר אַנקלאַפּען אין פענסטער... עס וועט שוין אַלעס זיין רעכט. איהר גיט מיר נאָר מיט זיך א גרויסען בויגען פּאַפּיער.

ט ו י ב : וואָס דענקסטו צו טהאָן?

ז י ס ק י נ ד : קוק און שוויג און פרעג ניט קיין קשיות. דו קענסט

נאָך אין גאַנצען קאַליע מאַכען. (ער נעהמט אַ פּאַפּיער). האָט איהר געהערט וואָס איך האָב אייך אָנגעזאָגט?

אַ ל ע: מיר האָבען געהערט. אָבער וואָס ווילסטו טהאָן?

ז י ס ק י נ ד: איהר וועט שוין זעהן פּאַרטיגערהייד. (געהט אַרויס).

ש אַ פּ י ר אָ (צו טויב'ען): ווייסט ניט, וואָס וויל ער דאָ טהאָן?

ט ו י ב: איך האָב מורא, ער וויל אונז דאָ אָפּטהאָן אַ שפּיצעל.

ש נ י י ד ע ר: מילא, וואָס האָבען מיר דאָ וואָס אָנצואוועהרען.

(אַ לענגערע פּויזע. די בעל הבית'טע קומט אַריין, געהט דורך אין שלאָף־צימער. שאַפּיראָ קלאַפּט אין פענסטער).

ש נ י י ד ע ר: וואָס איז דאָס פאַר אַ מיסטיפיקאַציע?

ז י ס ק י נ ד (קומט אַריין מיט אַ פּעקעל אונטער'ן אָרעם. אין דער זעלבער צייט קומט אָן די בעל הבית'טע פון שלאָף־צימער און קוקט זיך איין נייגעריג. זיסקינד לעגט אַרויס אויפ'ן טיש אַ ברויט מיט אַן אויסגעווייקטען הערינג): נו־קאַ! אַהער, חברה! מען בעט מיט־עסען.

ד י ב ע ל ה ב י ת ' ט ע: ווייזט אַהער, וועל איך אייך מאַכען דעם הערינג.

ז י ס ק י נ ד: ניט נויטיג, איהר דאַרפט זיך ניט מטריח זיין. (אַלע עסען).

ד י ב ע ל ה ב י ת ' ט ע: איהר ווילט אפשר אַ ציבעלקע צו אַ ביסעל עסיג?

ז י ס ק י נ ד: וואָס דאַרפט איהר זיך מטריח זיין. ס'איז שוין באַלד ניטאָ צו וואָס די ציבעלע... (די בעל הבית'טע געהט אַרויס).

ט ו י ב (צו זיסקינד'ען): וואו האָסטו דאָס גענומען?

ש אַ פּ י ר אָ: אַ דאגה האָסטו — רייב און שווייג!

ד י ב ע ל ה ב י ת ' ט ע (קומט אַריין אַ צושראָקענע): האָט איהר ניט געזעהן ווער ס'איז געווען אין קיך?

אַ ל ע (אויסער זיסקינד'ען): וואָס איז?

ד י ב ע ל ה ב י ת ' ט ע: אימיצער האָט דאָרטען דעם ברויט מיט די הערינג צוגענומען. (קוקט זיך צו צום טיש).

אַ ל ע: וואָס רעדט איהר? וואו? ווען?

ד י ב ע ל ה ב י ת ' ט ע: אָט ערשט. איך זוך דעם הערינג און זוך דעם ברויט — ניטאָ, אַזוי ווי ער וואָלט אין דער ערד איינגעזונקען. איהר האָט ניט געזעהן, ווער ס'האָט צוגענומען?

ט ו י ב: מיר? פון וואַנען זאָלען מיר זעהן? מיר זיינען געזעסען אַלע דאָ.

ד י ב ע ל ה ב י ת ' ט ע: וועה איז מיר! וואָס וועל איך טהאָן? באַלד דאַרף קומען דער מאַן עסען וואַרמעס, וואָס וועל איך איהם געבען?

ז י ס ק י נ ד (דערשלינגט דעם לעצטען ביסען): אַ סקאַנדאַל, בנאמנות! אין מיטען העלען טאָג, אַ פולע שטוב מיט מענשען, און מען זאָל גנב'ענען...

ס'איז דאָך סכנת נפשות! אַז איך בין אַרויס אַ ווײַלע פון הויז, איז שוין אַ גנבה!

די בעל הבית'טע: מיר איז מעהר ניט אַ חדוש וואָס קיין זאַך האָט מען ניט געטשעפּעט, אַלץ איז גאַנץ, מען האָט נאָר גענומען דעם ברויט מיט'ן הערינג. עס ווייזט אויס, אַז דאָס האָבען געטהאָן שטוב־גנבים...

זיסקינד (איהר אין טאָן): טאַקע אַ מאָדנע זאַך. וואָס עפּעס גור דעם ברויט מיט'ן הערינג? עס מוז שטעקען אין דעם אַ גרויסע דיפּלאָ־מאַטיע!...

(פאָרהאַנג).



א. ליעסין.

# אַן אַלטע פערגעסענע שטימונג

אַן אַלטע, פערגעסענע שטימונג,
אַ בילד פון מיין קינדהייט ערוואַכט —
עס שטעהט פאַר מיר אויף דער בית מדרש
אין טרויער פון שבת־פאַר־נאַכט.

דער שטערבענדער שבת־שטראַהל רויטעלט
געזיכטער און סטענדערס און ווענט;
אַ ווײַלע — ער ווערט שוין פערלאָשען,
דער הייליגער טאָג איז צו ענד!

איך זיץ צווישען הודזשענדען עולם,
פערוויעגט פון האַלב־דונקעלען רויש,
און קוק, ווי די מענשען און שאָטענס,
זיי מישען זיך אומעטום אויס.

איך קוק אויף דעם זוים פון דעם הימעל,
ער גליהט אַלץ, און גרוילט מיר און שרעקט;
עס דוכט זיך, אַזוי ווי ער וואָלט דאָ
אַ בייזע געהיימנים פערדעקט.

אַלץ פינסטערער ווערען די פענסטער,
איך קוק אויף דעם הימעל און טראַכט:
באַלד־באַלד און עס ווערט ניט דער שבת,
עס קומט שוין די שבת־צו־נאַכט!

באַלד פאַטשט אויף'ן בימה דער שמש,
באַלד קרעכצט שוין דער מעריב אַרויס,
און אויבען אין הימעל פאַנגט אָן זיך
אַ מהומה, געוואַלטיג און בייז.

אַ מחנה מחבלים ערשיינט דאָרט,
אַ פינסטערע מחנה, אַ שרעק!
זי קומט און שלעפּט די רשעים
צוריק אין דעם גיהנם אַוועק.

אוים שבת, צוריק אינדערוואַכען!
און ס'דוכט מיר, אַזוי ווי איך הער
אַ ביטערען וויינען, אַ יאָמער;
אויפ'ן האַרצען ווערט חושך און שווער.

עס געהען די רשעים אין גיהנם
מיט ביטערען, ווילדען געוויין;
אוים שבת, צוריק אינדערוואַכען,
מ'דאַרף מאָרגען אין חדר שוין געהן!

די אַלטע, די קינדערשע שטימונג,
ווי שמערצליך זי פייניגט מיר נאָך —
וואָס טויג אונז דער פריילינכער שבת,
ווען ענדליך מוז קומען די וואָך!

וואָס טויג אונז די רוה, ווען דערביי שוין
איז אימער אַ גיהנם געגרייט!
וואָס טויג אונז דאָס לעבען אין גאַנצען,
ווען ענדליך מוז פאָלגען דער טויט!

אַלץ פינסטערער ווערען די פענסטער,
דער הימעל פערדונקעלט אַלץ מעהר —
באַלד־באַלד און עס פאַטשט שוין דער שמש;
אויפ'ן האַרצען איז חושך און שווער...

רחל לוריא.

# שיינדעל

(ערצעהלונג).

אַ זוניגער הערבסט־טאָג.

די לאַנדשאַפט אַרום די קליינע שטעדטיל וו. איז דורכגעדרונגען מיט גלוט און גאָלד.

אין „אַנינסקי'ס וואַלד", אַרומגעצאַמט מיט אַלטע הילצערנע פּלאַנקען, לעבען אַ פּאָר גרוי־אַלטע עפּעל־בוימער שטעהט שיינדעל און קלייבט עפּעל. הויבט אויף שטיינער און וואַרפט אויף די בוימער, אַמאָל טרעפט זי, אָפט פעהלט זי, דאָך לייגט זי צו אַלע ווילע אַן עפּעל צו די קופּקע אָנגעקליבענע, און מעסט עס אָב מיט די אויגען: קאָפּיקענע עפּעל, צוויי פּאַר אַ קאָפּיקע, דריי, פיער פּאַר אַ גראָשען צום קאָכען.

מאָנטאָג וויל זי זיך זעטצען אויפ'ן מאַרק מיט די עפּעל, צום ערשטען מאָל. און דאָס האַרץ קלאַפּט איהר פּאַר פרייד און שרעק. זי לייגט אריין די עפּעל אין אַ זעקעל, פּאַרקאַשערט עס, און פּרואווט זיך פיהלען ווי אויפ'ן מאַרק. אין געדאַנק מאַכט זי נאָך פריידלען די יונגע אלמנה. ביי איהר זעהען די עפּעל אויס תמיד פריש און געשמאַק, און זי לייזט טאַקי ווי זי זיצט זיך אַזוי לעבען איהרע עפּעל, שמייכעלט מיט חן־גריבלעך אין די באַקען, עפּעל, הוילע ווין מיט צוקער! אַזאַ יאָהר אויף אַלע אידען," זאָגט זי אַרוים אַזוי זיס.

אָבער נעהם און זעץ זיך אויפ'ן מאַרק! אַ קלייניגקייט צו זאָגען. זי, די פרעמדע און די קהל'שע... זיך אָנהייבען מיט מינע די מאַטלערקע און מיט איהרע דריי טעכטער ווי די שדים; זיי געהערט דער גאַנצער מאַרק און זיי פיהרען די גאַנצע גרענדע. אָבער זי וועט אויף קיין זאַך ניט קוקען, זי וויל אויך ווערען אַ הענדלערקע.

מיט וואָס פּאַר אַ קנאה זי געהט דאָס אַרום יעדען מאָנטאָג אין מאַרק און קוקט צו ווי די ווייבער דינגען זיך מיט די פּויערים, קויפען אויף היהנער, אייער, פּוטער. וואָס פּאַר אַ מבין מינע איז דאָס אויף אַ הוהן, זי גיט נאָר איין טאַפּ דאָס בייכעל, אונטער'ן פליגעל, לעבען גאָרגעל און זי ווייס גלייך צו די הוהן איז אַ „לייגעדיגע" אָדער צום קוילען. זי פער'חלומ'ט זיך שטאַרק און דערזעהט דעם מאַרק־פּלאַץ אין אַ מאַרק־טאָג אַרום חנוכה־צייט. פון אַלע זייטען קומען צופאָהרען פּויערים מיט שליטענס דורך די שנעע אויסגעבעטענע גאַסען. די גלעקלעך קלינגען לוסטיג און דער מאַרק ווערט פול מיט קוויטשערייען פון גענז, ענטלעך און אינדיקעס. אַ גאַנצער יריד!

און גלייך דינסטאָג קלייבען זיי זיך אַלע צוזאַמען אַרום בערעל דעם פוהרמאַנס הויז. דער גרויסער וואָגען שטעהט געשפּאַנט מיט צוויי פערד, אָנגעפּאַקט מיט קערב אייער, קאַסטענס געפּענטעטע היהנער, שיסלען פּו־טער. מינע מיט די טעכטער לויפען אַרום פערשמייעט, פערהאַוועט. פריידעל די אלמנה שטעהט נעט און ציכטיג אָנגעטהאָן און קוקט מיט ווייכע אויגען

אויף איציקעל דעם פּוהרמאַנס זוהן. ער ווינקט איהר צו זיך צו זעטצען לעבען די פערד. אָבער רייזעל, מינעס אינגערע טאָכטער, פאַרכאַפּט דעם פּלאַטץ. די אַלטע נחמה בייזערט זיך און בורטשעט וואָס איציק חכמה'ט זיך מיט די חצופות, און זיי וועלען מאָרגען פערשפּעטיגען דעם מאַרק אין פרייסען.

און עס דאַכט זיך איהר אַז קיין שעהנערעס און בעסערעס ווי האַנדלען אויפ'ן מאַרק, ווערען אַ מאַרק־אידענע, קען גאָר ניט זיין.

שיינדעל געהמט זיך נאָך פלייסיגער וואַרפען שטיינער אויף די בוימער. אין געדאַנק צעהלט זי איבער די אָבגעשפּאָרטע געלדס וואָס זי פערמאָגט און זי דערזעהט פאַר די אויגען ווייסע זילבערנע מטבעות, האַלבע רובעלס, גילדענס און קופּער געלד, צוזאַמען דריי רובעל מיט זיעבען און פערציג קאָפּיקעס, נאָך דריי קאָפּיקעס צו דריי און אַ האַלב רובעל. שוין מעהר ווי פינף יאָהר אַז זי שפּאָרט עס. זי טאַפּט עס אָן אין דעם לייווענטענעם זע־קעלע ביי זיך אין בוזים. אַ פערלאַנג ערוועקט זיך אין איהר: אויסצושיטען דאָס אויפ'ן גראָז און קוקען אויף דעם. זי האָט אָבער מורא אַז עפּעס דורך אַ סיבה זאָל ער ניט נעלם ווערען. און זי דריקט עס צו צום האַרצען מיט ליעבשאַפּט. אייגענטליך, טראַכט זי, האָט זי עס גאָר געדאַרפט איינלייגען ביים רב, אַזאַ גוזמא געלד האַלטען ביי זיך! זי האָט אָבער מורא מי זאָל עס ביי איהר ניט וועלען לייהען און זי זאָגט גאַרניט אויס.

די פרנסה האָט זיך איהר אויסגעאַרבייט פון זיך אַליין. זומער, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליינע מיידעל, פלעגט זי אַרומלויפען אין די פעלדער און קלייבען זעמענעס, מאַלינעס, יאַגדעס, וויינפּערלעך, און זי פלעגט עס בריינ־גען צו די ווייבער. יעדע אידענע פלעגט איהר וואָס געבען דערפאַר, מייס־טענס אַן אַלטען בגד. און זי דערמאָנט זיך, ווי זי האָט די ערשטע פינף קאָ־פּיקעס פאַרדיענט. זי האָט עס נאָך ביי זיך. מיט פינף יאָהר צוריק האָט זי אַמאָל אָנגעקליבען אַ טעלער שעהנע רויטע מאַלינעס און האָט עס געבראַכט צו שרה לאה די גביר'נטע. יענע האָט איהר גלייך געגעבען דערפאַר פינף קאָפּיקעס מזומן און נאָך גאָר אַ גוטע קליידעל פון אַ טעכטערל. זייט דאַמאָלס האָט זי נאָר געוואָלט באַארע געלד, עס האָט געמעגט זיין אַ קאָפּיקע אָדער צוויי. און ביסלעכווייז האָט זי אויפגעאַרבייט אַ וואָג און אַ מאָס. און אום זומער האָט זי זיך שוין אַליין ערנעהרט. ווינטער האָט זי נאָר געהאַט איין פרנסה: קלייבען טראַנטעס מיט ביינער און עס פערקויפען אויפ'ן פונט. און זי האָט נאָך געדאַרפט אָנקומען צו לייטען!

מעהר וועט זי שוין ניט נעהמען קיין נדבות. זי וועט שוין דורכקומען. זי וועט זיך נייען אַ פּאָר קאַמאַשען, אַ קליידעל. קיין מאָל האָט זי נאָך קיין נייעם בגד ניט געהאַט. און זי דערפיהלט זיך אַזוי שטאָלץ וואָס זי וועט טראָ־גען אַ קליידעל אַ נייע פאַר זיך געניי'הט, און מיט אונגעדולד וואַרט זי אויף מאָנטאַג. פרייטאַג, שבת, זונטאַג... צעהלט זי אויף די פינגער.

פּלוצלונג דערהערט זי הינטער זיך אַ פערשטיקטען איינגעהאַלטענעם געלעכטער. זי דרעהט זיך שנעל אום און דערזעהט ווי שלום דער וואַסער טרע־

גער שטעהט און קוקט איהר אָן. מיט אַ גאַנצע האַנט פינגער האַלט ער צו דאָס מויל אַז ער זאָל ניט אַרויספּלאַצען מיט אַ געלעכטער. און ווי זי דערזעהט איהם, נעהמט ער אַוועק די גרויסע האַנט פון מויל און לאַכט זיך בונאַנדער אַזוי שטאַרק, אַזוי הילכיג, אַז דער גאַנצער וואַלד ווערט אָנגעפילט מיט אַ כאַ־כאַ־כאַ, כי־כי־כי און ווייט און ברייט איבער די לאָנקעס הילכט דער עכאָ: כאַ־כאַ־כאַ, כי־כי־כי.

שיינדעל קוקט איהם אָן מיט ערשטוינען און כעס, און פרעגט:

— וואָס ס'טו זיך אַזוי צולאַכעט? שטיק מטורף!

— פון דיר — ענטפערט שלום און צוקט מיט זיינע ברייטע אַקסלען, און קוקט האַלב נאַריש און פערשעהמט מיט זיינע בלויע, גוטע קינדער־אויגען.

— פון מיר?! וואָס איז דאָ פון מיר צו לאַכען? — פרעגט זי ווייטער און איהרע שוואַרצע אויגען שפּריצען מיט פונקען, דער טונקעלער פּנים רויטעלט זיך פון כעס, און פון די אָפענע פולע ליפּען בלאַנקען אַרויס ווייסע, שאַרפע ציינער ווי ביי אַ ציגיינערקע.

ס'איז דאָ — זאָגט שלום און פינטעלט מיט די אויגען, לאַכענדיג און פערשעמט אָנווייזענדיג מיט'ן האַנד אויף איהר קערפּער.

און ווידער קייקעלט זיך איבער'ן וואַלד און פעלד שלום'ס קייכענדיגער־געלעכטער, און ווידער עכאָ'ט אָפּ אין דער גרינער ווייטקייט מיט כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי. שלום'ן ווילט זיך אָבער שטאַרק אַז זי זאָל פערשטעהן אַז ער מיינט עס אדרבא זעהר גוט און זי דאַרף גאָר ניט ווערען אין כעס.

— פאַרשטעהסטו, איך זעה דיך דאָך אַלע טאָג. און היינט האָב איך מיט אַמאָל דערזעהן אַז דו ביסט אויסגעוואַקסען אַ גרויסע, געזונטע מויד! מיט אַ פּאָר גראָבע אָרעמס און... איך וועל דיר ניט זאָגען, קענסט אַליין זעהן.

שיינדעלע ציהט צו די איינגע בלוזע אַהין און אַהער און שעמט זיך שטאַרק.

זי וואַרפט איהם אויך צו אַ בליק, אַ בליק וואָס מעסט אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס. זי שווייגט אָבער, פערטראַכט זיך און פלאַנט...

ער לאַסצעט איהר מיט די גוטע בלויע אויגען און שעמט זיך.

— ווילסטו נאָך עפּעל, שיינדעלע? —

— אָט יענעם גרויסען רויטען עפּעל.

שלום קריכט אַרויף אויפ'ן בוים ווי אַ בער, פלייסט זיך מיט גבורה. ער טרייסעלט די דיקע צווייגען און עס רעגענט מיט עפּעל.

ער העלפט איהר אויפקלייבען, און זיי זעטצען זיך ביידע.

זי גיט איהם אָן עפּעל. די „שלאַנג" האָט איהר אָנגעלערנט אויסקלייבען דעם שעהנסטען און אַ שעלמיש פייערעל פלאַקערט אויף אין איהרע שוואַרצע אויגען, און אַ שמייכעל שפּיעלט אויף איהרע ליפּען, אַ מאָדנער שמייכעל, עפּעס אַזוי קלוג, קרעמעריש קלוג.

ער דערפיהלט איהר האַנד נעהמענדיג דעם עפּעל און גיט אַ ציטער.

ער ציהט זיך אוים אויפ'ן גראָז אין פולער לייגג און לאָזט מיט הנאה די שטראַהלען פון דער אונטערגעהענדער זון איהם וואַרעמען.

— האָסט שוין אַלעמען אָנגעטראָגען וואַסער, היינט?

— יע. איך מוז נאָך געהן רופען אין שוהל. קום איצט אַהיים, וועל איך דיר ברייגגען די עפּעל אין באָד.

ער הייבט זיך אויף, לייגט צוזאַמען ביידע הענט פלאַך קעגען איין זייט באַק, און שרייט אוים:

— בעלי בתים אין שוהל אריין! — ער צולאַכט זיך מיט אַ הערצליכער קינדערשער פרייד און עס הילכט אָפּ אין פעלד:

בעלי בתים אין שוהל אריין!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיי געהען ביידע אַוועק פון פעלד. שלום טראָגט דעם זעקעל עפּעל ווי אַ קליין קישעלע.

שיינדעלע טראַכט מיט שפּאַס: אַזאַ גבור... אַ וואַסער־טרעגער און אַ שוהל־רופער...

זי איז אַריין ביי די בעדערקע אין שטיבעל, בעהאַלטען די עפּעל. די באָד איז נאָך ניט געוועזן ליידיג, און זי נעהמט זיך העלפען די בעדערקע פער־רוקען דעם טשאָלענט, גרייטען צום טיש. פרייטאָג צונאַכט און שבת זיצט זי מיט זיי ביים טיש און זי העלפט איהר דערפאַר אין באָד דאָנערשטאָג ווען מען הייצט פיר די ווייבער.

זלאַטע די בעדערקע איז די איינציגע פון'ם גאַנצען שטעדטעל וועמען שיינדעלע האָט ליעב. זי איז צו איהר תמיד גוט געוועזען זייט זי געדענקט. און ווי דורך אַ חלום געדענקט זי איין פריהמאָרגען: זי כאַפּט זיך אויף, קיי־נער איז ניטאָ אין באָד, די פאָלם זיינען ליידיגע, אויסגעראַמט „האַק און פאַק". זי האָט זיך שטאַרק צושריען און זלאַטע איז אַריין, גענומען צו זיך אין שטיבעל און איהר איינגעשטילט מיט אַ ביסעל מילך און אַ שטיקעל ברויט. שפּעטער, געדענקט זי, איז געוואָרען אַ גרויסער טומעל און דעם גאַנצען טאָג זיינען געקומען ווייבער איהר אָנקוקען. זייט דאַמאָלס וואַל־גערט זי זיך אין באָד. קליינערהייט איז זי געוועזן אַ קהל'שע דיענסט און די ווייבער פלעגען זיך קריגען איבער איהר ארבייט, וואָס איז בעשטאַנען פון וויגען קליינע קינדער און געהן אין שליחות. אָבער זי איז אַלע מאָל געוועזן אונטער זלאַטע'ס השגחה. ווען זי איז עלטער געוואָרען האָט זי זיך פון די ווייבער דערוואוסט אַז ארומשלעפּענדיגע אָרימע לייט האָבען איהר דאָ איבערגעלאָזען, און איהר געגעבען אַלערליי אָנצוהערעניישען וועגען איהר אָבשטאַמונג...

און צייט זי איז געוואָרען אַ גרויסע מיידעל, וואָס האָט זלאַטע ניט אויסצושטעהן פון איהר מייער־איציקלען, אַז ער זאָל איהר ניט טשעפּען... זי לאָזט איהר אייגענע טאָכטער שלאָפען מיט איהר צוזאַמען אויפ'ן פּאָל, און וויפיעל מאָל ווען דער תכשיט איהרער ווערט נעלם פון בעט ביינאַכט... לויפט זי איהם נאָך, בעט מיט גוטען און סטראַשעט מיט בייזען, און טרעט

ניט אָפּ ביז ער ליגט ניט ווידער רוהיג אין בעט. און ניט איין מאָל האָט זי דערפאַר געקראָגען פון איהם אַ שטורכע אין זייט און אַ גוטען זעטץ אין האַרצען.

— בעלי בתים אין שוהל אריין! שנײדט דורך שלום׳ס געזונטער קול דורכ׳ן שטעדטיל.

— שלומ׳קע האָט זיך היינט צוגעאײלט אין שוהל צו רופען — זאָגט זלאַטע זיך איילענדיג מיט דער ארבייט.

שיינדעלע ווישט שנעל אָפּ די לייכטער, לייגט חלות און מאַכט גרייט פאַר זלאַטען צו בענטשען ליכט. זלאַטע קוקט און טראַכט: זי ט׳גיכער פער־שפּאָרען אַן ארבייט ווי אַן אייגען קינד, און זיפצט זיך אָפּ.

מייער איציק קומט אריין, דערזעהט שיינדעלען חנ׳עודיג פּארסאַרווערט, איז ער איהר מכבד מיט אַ קניפּ אין האַנד פון וועלכען זי דערזעהט פונקען פייער פאַר די אויגען און שרייט אויס פון יסורים.

— אפיקורס, פושע ישראל! זאָלסט איהר צופרידען לאָזען, הערסט! — שרייט זלאַטע מיט כעס.

— ווילסט אויך אייגעם, אַלטע כלב׳טע? — זאָגט מאיר איציק לאַכענ־דיג.

— ניט וועלען זאָל זיך דיר לעבען, טאַטע זיסער!

מייער איציק געהט אַוועק אין שוהל.

---

די גאַנצע נאַכט האָט שלום ניט געקענט איינשלאָפען. דאָס טרעפט איהם כמעט צום ערשטען מאָל. פאַר די אויגען דרעהען זיך גרינע, זוניגע לאָנקעס, עפּעל־בוימער, שיינדעלע מיט אַ רויט־געבלומטען יאַקעל, מיט הויך פערקאַ־שערטע אַרבעל, מיט אַ פולען בוזים שטעהט איהם פאַר די אויגען; עס ברענט איהם ווי אַ פיבער, די קאָפּ שפּאַלט זיך, די אויגען קלעפּען זיך, נאָר דער מוח שלאָפט ניט איין.

ער וועט איהר גאָר נעהמען פאַר אַ כלה, פאַלט איהם איין אין געדאַנק. אָבער באַלד דערמאָהנט ער זיך, אַז זי איז אַן אַוועקגעוואָרפענע. ווער וויים... ער ווערט פאַרציטערט פון דעם געדאַנק. עס עגבערט איהם אין מוח. חתונה האָבען מיט אַ... פאַרוואָס קומט עס איהם. ער ווערט בייז טראַכטענדיג: וואָס פאַר אַ שד האָט איהם היינט געשלעפּט אין „אגינסקי׳ס וואלד“. ער וועט מעהר גאָר ניט טראַכטען פון איהר. און מיט בעשלאָסענהייט ציהט ער ארי־בער די קאָלדרע איבער׳ן קאָפּ און פרואווט איינשלאָפען. אָבער פאַר די אויגען בלייבט איהם די שעהנע, געזונטע מויד מיט דעם פאַרשייטען פנים און לאַכט ווי אַ ציגיינערקע מיט די ווייסע שאַרפע ציינער. ער וויל צוגעהן צו איהר און זי אַנטלויפט שנעל ווי אַ טייוועל איבער גרינע פעלדער, לאָנ־קעס. ער יאָגט זיך נאָך איהר איבער פעלזען, טייכלעך, קלאָטקעס און זי דרעהט זיך אַלץ אוים פון זיינע הענט. צום סוף — געכאַפּט! זי צאַפּעלט זיך אין זיינע שטאַרקע לאַפּעס און קען זיך מיט קיין גליעד ניט ריהרען,

ביז זי בלייבט ליגען אַ רוהיגע, שמייכעלט זיס און גיט איהם אַ שעהנעם עפּעל.

---

אין דער פריה האָבען איהם די קינדער אויפגעוועקט, אריין צו איהם אין בעט. ווי יעדען שבת פריה האָבען זיי געוואָלט ער זאָל פאַר זיי ברומען ווי אַ לייב, מיוקען ווי אַ קאַטץ, קרעהען ווי אַ האָהן. ער איז אָבער געווען בייז, ברוגז און ניט אויסגעשלאָפען.

נאָכ׳ן עסען געפינט זיך שלום קיין אָרט ניט. פון געוואָהנהייט איז ער צו צום ברונען פון דער פּרייסישער גאַס, אריינגעקוקט אויף די גלאַטע שטילע וואַסער, אַ וואָרף געטהאָן די שפּירטע און אַוועק. ניט קלערענדיג וואו־הין צו געהן, איז ער צוגעקומען צום צווייטען ברונעם אין דער ריטעוועער גאַס, ארומגעפּאַדעט, ארויפגעשעפּט אַן עמער וואַסער, אַ טרונק געגעבען, אויסגעגאָסען די איבעריגע אין גאָרטען אויף אַ בייט, ארומגעוויגט דעם ליי־דיגען עמער מיט די שפּירטע. די זון ברענט הייס. עס נאָגט איהם אַן אור־מעט. ער בייגקט נאָך עפּעס. אין גאַס איז פּוסט. מענשען זיטצען נאָך ביי די שבת׳דיגע טישען.

און ווייטער ווייס ער ניט וואָס צו טהאָן, וואו צו געהן. סיידען ביי די מומע זלאַטען אין באָד. אַ לאַנגע צייט דאָרטען ניט געווען. דער טאַטע מיט די שטיעף־מאַמען זיינען צוקריגט געהן זיי ניט, אָבער ער? ער איז ניט ברוגז אויף די מומען, זי איז דאָך אַזאַ גוטע. זי דערציילט איהם שטענדיג פון דער מאַמען זיינע, ווי שטאַרק זי האָט איהם ליעב געהאַט ווען ער איז געווען אַ קליין אינגעלע.

— זעה נאָר ווער עס קומט צו גאַסט! — שרייט אויס מאיר איציק דערזעהענדיג שלום׳ען דורכ׳ן פענסטער.

— יעמד אַ בחור אַ שררה אַ וואַסער־טרעגער ר׳ שלום בן צבי דוב! זינגט ער אויס מיט אַן עליה ניגון ווען שלום בעוויזט זיך איבער׳ן שוועל.

די מומע זלאַטע האָט זיך דערפרייט, די קינדער אויך. בלוט איז דאָך ניט קיין וואַסער זאָגט זי און איז איהם מכבד מיט שבת׳דיגע טהיי פון קאַכלע.

שלום איז געבליבען צוטומעלט דערזעהענדיג שיינדעלען. ער קוקט אויף איהר, קראַצט זיך אין פּאַטילניצע און ווייס ניט וואָס צו זאָגען.

— איך האָב מורא אז דער בחור׳על האָט גאָר געוואָרפען אַן אייגעל אויף דיין שיינדעל, און איז דערפאַר געקומען. זעה ווי רויט ער ווערט נעבעך, ממש ווי אַ בוריק אַז אַ רחמנות אָנצוקוקען, — ער שטורכעט שלום׳ען אין זייט און סוד׳עט איהם איין עפּעס אַ לשון קודש ווערטעל פון וועלכען שלום ווערט נאָך רויטער און מעהר צוטומעלט.

— דער איד איז כל בו! — זאָגט זלאַטע, אָבער ניט אין כעס און וואַרפט איהם צו גוטמוטהיג אַ שבת בייטאָגיגען בליק.

— נו, איז וואָס? ער איז אַ בחור און זי אַ מיידעל —

— איך זאָג דען אז עס איז וואָס? אדרבה, אז עס וועט זיין אַ כאַס־

לערע וועט מען טרינקען א לחיים, דער בחור'על איז דאָך שוין א קימאַ־לן פון א פינף אין צוואַנציגער נאָך מיט א הכרעה —

שלום כאָטש ער שעמט זיך, טהוט עס איהם הנאה וואָס מען רעדט. מסתמא א גלייכע זאַך.

---

מאָנטאָג, שיינדעלע זיצט אויפ'ן מארק מיט די עפּעל זי לייזט צו ביס־לעך־ווייז. אַלע קוקען איהר אָן. די וואָס פערקויפען אויך עפּעל שילטען און בורטשען. די וואָס פערקויפען אַנדערע זאַכען לעהרנען איהר ווי צו פערקויפען. יעדע קאָפּיקע וואָס זי לייזט האַלט זי שטייף אין האַנט. מיט גאוה גיט זי ארויס קליין געלט, זי נעהמט די האַנט פון קעשענע ניט ארויס וואו זי האַלט די פּאָר פּרוטות. זי זעהט פון וויטען שלום'ען טראָגען וואַסער, און זי טראַכט מיט שפּאַס: האָט ניט געקענט האַנדלען מיט פעלכלעך, מיט חזיר האָאר, ווי א מענש...

---

א קאַלטע פינסטערע נאַכט. שלום און שיינדעלע געהן ביידע שפּאַצירען. זי איז איינגעהילט אין זלאַטעס וואַרעמע פאַטשיילע, ווען זיי געהען פאַרביי דאָס לעצטע אידישע הייזעל צינדעט שלום אָן א לאַנטערנע אז זיי זאָלען זעהן וואו צו געהן. וואָס צו ריידען איז ניטאָ. און ביידע שווייגען. ער טראַכט פון איהר, וויל איהר זאָגען ווי מאָדנע ער פיהלט זיך יענעם פרייטאָג ווען זי האָט געקליעבען עפּעל, ווייס אָבער ניט ווי. זי טראַכט און פּלאַנט און וויל איהם גאָרניט זאָגען. און אזוי ווי איהר וואָלט עס גאָר ניט אָנגעהן, גיט זי איהם א פרעג אין א ווילע ארום.

— שלום דיר איז נאָך גאָרניט מיאוס געוואָרען צו טראָגען וואַסער? —

— מיאוס ווערען, פאַרוואָס? ווער דען זאָל טראָגען וואַסער, און וואָס וועל איך טהאָן? —

— האַנדלען —

— אז אַלע וועלען האַנדלען טו ווער וועט טראָגען וואַסער? —

— וואָס ארט עס דיר? —

— ווען מען דען זאָל ארען? איך בין דאָך דער וואַסער־טרעגער.

עס בעווייזט זיך נאָך א לאַנטערנע און זיי ווערען ענטשוויגען. לאה די אויבס הענדלערקע, וועלכע וואָהנט אין די לעצטע שטיבעל קומט זיי ענט־קעגען. כדי צו זיין זיכער, אז דאָס זיינען זיי, רופט זי זיי אָן ביי די נעמען און לאָזט זיך געהן ווייטער, זיי הערען ווי זי זאָגט הויך צו די שכנים!

— זעהט נאָר ווער עס שלעפּט זיך ארום מיט בחורים ביינאַכט! אז גאָט וויל שיסען טאָקי בעזימער!

זיי קערען זיך ארייו אין א גוישקער גאַס. זיי ווייסען אז לאה וועט עס מאָרגען צוטראָגען איבערן גאַנצען שטעדטעל. שלום וויל שיינדלען פערהיטען פון בערעדערייי, און טראַכט זיך, אז זיי וועלען שוין זיין חתן־כלה, וועט שוין קיינער ניט ריידען. ער וויל עס זאָגען צו איהר און שעמט זיך. און אומגע־לומפּערט קומט ארויס די ווערטער:

— ווייסט שיינדעלע, וועגען וואָס מע רעדט שוין אין שטעדטעל וועגען אונז, און וואָס מע וועט נאָך ריידען, בין איך שטאַרק מרוצה. —

שיינדעלע האָט זיך צולאַכט. דער געזונטער, אָרענטליכער, ניט איבער־געשפּיצטער בחור איז איהר אויך געפעלען. און איבערהויפּט האָט זי געזעהן עפּעס אַן אומבעשטימטע הילף אין איהם פאַר איהרע פּלענער.

זי טולעט זיך צו איהם און לייגט צו איהר באַק און גיט איהם איין שכל איהר צו קושען. ער שטופּט איהר אָפּ זאָגענדיג:

— מיטאָר ניט פאַר תנאים —

— דו שוטה איינער! לאַכט שיינדעלע און קושט איהם.

ער דערפיהלט איהר קוש. ער ווערט ווילד, ער וויל ווייגען, שרייען פון גרויס פרייד. דאַן שטופּט זי איהם אָפּ פון זיך.

אויף מאָרגען. אַ כמאַרנער, קיהלער טאָג. שיינדעלע לאָזט זיך געהן אַי־בערן מאַרק פּלאַטץ, זי איז פאַרטראַכט וועגען שלום׳ס נעכטיגע רייד צו איהר. פון וויטען זעהט זי איהר ענטקעגענקומענדיג שלום׳ס שטיעף־מאַמע. זי דער־פיהלט גלייך צו וואָס יענע געהט צו איהר. ווען זי קומט נעהענטער זעהט זי ווי צורייצט זי איז. זי וויל אָבער ניט אָבטרעטען דעם וועג. און ציטערענדיג ווי אַ בלאַט בלייבט זי וואַרטען.

— הער זיך איין, דו חצופה איינע, דו זאָלסט ניט מיינען אַז דיר וועט דאָס גלאַט אָבגעהן. ווען דו וועסט ניט מיט גוטען אָבלאָזען שלום׳ען — זאָגט זי ארוים און איז ווייס פון איינגעהאַלטענעם כעס.

— שלום וועט נאָך לאַנג ניט חתונה האָבען מיט אַ..., ער האָט אַן עהר־ליכען אידען פאַר אַ טאַטען.

— נו, טו פּראָוווט ניט דערלאָזען — זאָגט שיינדעלע אויך מיט אַן איינ־געהאַלטענעם כעס, זיך אַביסעל רייצענדיג, און וויל געהן איהר וועג.

— דו שלעפּערקע! האָסט נאָך די העזה צו ענטפערן. ווילסט צונעמען דעם ביסען ברויט פון מיינע כשרה פייגעלעך. ער מוז פאַר זיי האָרעווען, זיין טאַטע איז אַלט און קראַנק —

שיינדעלע גיט אַ קוק אויף די צורייצטע אידענע מיט די דאַרע איינגע־פאַלענע ברוסט. דעם בלייכען פערהונגערטען פּנים. זי ווערט בעוואוסט פון איהר אייגענעם געזונטען קערפּער און וויל מיט פעראַכטונג אַוועקגעהן. זי האָט איהר ניט וואָס צו ענטפערען.

— שווייגסט, דו עזות׳ניצע! שלעפּסט זיך ארום גאַנצענע נעכט מיט איהם, מע ווייס... אַזאַ ממזרת! — שרייט זי אויס אַזוי ווילד און גרוילּיג ווי די גאַנצע גאַל וואָלט אין איהר געפּלאַצט, און פאַלט שיינדעלען אריין אין די האָר מיט די רציחה פון אַ חיה.

ביי דעם וואָרט ממזרת פערלירט זיך שיינדעלע אין גאַנצען, זי דער־זעהט אַ ראָד פון בלוט און פייער פאַר די אויגען, אין האַלז שפּאַרט איהר ווי זודיגע פּעך. זי דערפיהלט אַ ביינערדיגען שליימיגען האַלז אין איהרע הענט. אַן עקעל געהט איהר דורך אַלע גלידער ווי זי וואָלט עפּעס אַ זשאַבע גע־דריקט אין די הענט, זי דערפיהלט אַ וועהטאָג אין קאָפּ און איהר דאַכט זיך

אז ווייט, גאַנץ ווייט, שרייט מען מיט משונה'דיגע קולות: ממזרת! ממזרת!

א רעדעל מענשען האָבען זיך גיך ארומגעקליעבען. שלום איז ווי פון דער ערד ארויסגעוואקסען, זיי פונאנדערגעריסען, געכאַפּט שיינדעלען און מיט איהר נעלם געוואָרען.

שיינדעלע איז גיך צו זיך געקומען, ליגענדיג אויפ'ן גראַז. שלום זיצט לעבען איהר, גלעט איהר די קאָפּ און וויינט ווי א קינד קוקענדיג אויף די בונטען אויסגעריסענע האָאר.

זי איז געל ווי וואקס מיט בלייכע ליפּען, אָבער גאַנץ רוהיג רעדט זי ארויס:

— איך וועל דאָ מעהר ניט בלייבען —

— וואו וועסטו געהן, שיינדעלע? — זאָגט ער און טרערען ווערגען איהם אין האַלז.

— אין אן אנדער שטאָדט —

— און וואָס וועל איך טהאָן? —

— דו וועסט געהן מיט מיר...

— וואָס רעדסטו שיינדעלע? די קינדער... זיי וועלען דאָך שטאַרבען פון הונגער.

— נישקשה, מען שטאַרבט ניט פון הונגער. מיר וועלען ביידע פּערדינען און דו וועסט זיי שיקען געלד —

פון ווייטען דערזעהט זי צוויי אידען אנקומענדיג קעגען זיי צו. און זי פערשטעהט אז מען געהט נאָך שלום'ען. א בעשלום שטאַרק ווי מויער וועקט זיך אין איהר אויף איהם ניט אַבצולאָזען. זי פערשטעלט איהם די אויגען ער זאָל זיי ניט זעהן און טולעט זיך צו איהם טייוולישׁ קלוג און מיט איבער־טריבענער ליידענשאַפט.

— קום שלום, קום אוועק פון דאַנען! קום אין א נייער שטאָדט — איהר קול ווערט ווייך ווי א מאַמעס ווען זי דערצעהלט א קינד א מעשה'לע און עפּעס האָט עס אין זיך דאָס שיפּען פון א שלאַנג — ביסטו קיינמאָל ניט געפּאָרען אויף א וואָגען בעגינען, ביים שיין פון דער אויפגעהענדיגער זון? זעהסט פון ווייטען דרעהען זיך ווינט־מיהלען! פון קוימענס ציהען זיך גאַנצע וואָלקענס מיט רויך. דו קומסט אָן נעהענטער און עס ליגט א נייע שטאָדט און וואַרט אויף דיר. דאָרטען וועלען מיר חתונה האָבען, און איך וועל דיר זעהר, זעהר ליעב האָבען...

זי דערפיהלט זיין אינערליכען צאַפּעל פון פרייד.

זי קעהרט זיך אָפּ און לאָזט צו אליה דעם קרעמער און דעם שמש צו איהם.

— מיר זיינען דיר געקומען זאָגען, שלום'קע אז דיר איז די מומע מוחל און דיר געהייסען קומען עסען וועטשערע — זאָגט אליה דער קרעמער.

— טאַקי עסען וועטשערע, כאַפּט אונטער דער שמש.

— איך וויל ניט עסען, — זאָגט שלום ברוגז.

— וואָס הייסט דו ווילסט ניט עסען — חכמה'ט זיך ר' אליה — אז א

מענש האָט נאָך ניט געגעסען קיין וועטשערע איז אַ גוטער סימן אַז ער וויל יע עסען און בפרט אַז עס איז דאָ אַ געפּילטע קישקע, אַ מילץ, אַ גריוזיקעל און אַ קעלבענער געהרגעלע, ווי וויל מען ניט עסען!

— געה אהיים, זיי ניט קיין שוטה! אלץ וועט זיין ווי געוועזען, אין די ברונימער איז נאָך פאַראַן גענוג וואַסער, אויף פּסח וועט מען דיר קויפען אַ נייע נאַשטשע מיט עמערס — זאָגט ווידער אליה, צופרידען.

שיינדעלע שטעהט און לויערט ווי אַ קאַטץ און לאָזט קיין אויג ניט אַרונטער פון שלום'ען.

— איך וויל מעהר ניט טראָגען קיין וואַסער זאָגט שלום — ווי ער וואָלט דאָס פון שיינדעלעס פּנים אָראָפּגעלייענט.

— ווילסט מעהר ניט טראָגען קיין וואַסער? ! אַ געלעכטער אויף מיינע נאמנות! אַ מענש טראָגט אָפּ וואַסער פאַר אַ שטעדטיל אַריבער צעהן יאָהר און פּלוצים מיר ניט, דיר ניט, זאָגט ער, ער וויל מעהר קיין וואַסער ניט טראָגען.

— שוין גענוג וואַסער געטראָגען, לאָז אַן אַנדערער טראָגען וואַסער.

— און אַז איך דאַוועז שוין אַריבער פיערציג יאָהר דאַרף איך זאָגען, איך וויל מעהר ניט דאַוונען, גענוג געדאַווענט. אַ משל ווי אַ המן־טאַש איז קיילעכדיג! אַז אַ פערד להבדיל זאָל קענען ריידען האָט ער בעדאַרפט זאָגען, איך וויל מעהר ניט שלעפּען דעם וואָגען, גענוג געשלעפּט. אָבער דו נאַר, זעהסט ניט דעם שכל אין דעם? אַז דער פערד וואָס איז געוואָהנט געהט שוין אליין ממילא —

— ער איז דאָך ביי איך ניט קיין געבאָרענער און געשוואָרענער וואַסער־טרעגער — פאַלט איהם שיינדעלע אריין אין די רייד. ניט קענענדיג מעהר אויסהאַלטען זיינע פלאַפּלעריי פון וועלכע ער קוועלט בטבע און פערגעסט אויפהערען.

— זעהסטו טאַכטערקע, מיט דיר האָבען מיר גאָרניט וואָס צו ריידען — ענטפערט אליה בעליידיגט — מיר קענען דיין מאַמען ניט און ווייסען ניט ווער דיין טאַטע איז געוועזען... דו קענסט זיך געהן —

— טאַקי אין דער אמת'ן וואָס ווייסען מיר, — כאַפּט אונטער דער שמש מיט חניפה צום רייכען קרעמער.

אין שלום'ן צינדט זיך אָן אַ פייער פון כעס געגען זיי. שיינדעלען אַרט ניט איצט וואָס זיי זאָגען, זי וויים נור, אַז זי מוז געהן פון דאַנען און וויל אַז שלום זאָל מיט איהר געהן, ער איז איצט מעהר ווי אַ געליעבטער אינגעל פאַר איהר, וועלכען מען וויל צונעהמען. ער איז איצט ווי אַ בריק, וועלכער פיהרט פון אַ שטאָדט וואו אלץ איז טויט און פערוויסטעט צו אַן אַנדערער פון מיט לעבען און פרייד, און דאָס וויל מען צונעמען. זי איז בלייך, מאַט און פערשמאַכט אָבער איהרע אויגען ברענען ווי צוויי גליהענדע לאַנטערנעס אין זי כישופ'ט שלום'ן מיט זיי.

— אַז די ווילסט ניט דאַרף מען ניט, אָהן וואַסער וועלען מיר ניט זיין. איך האָב זיך פיינט צו בעטען ביי אימיצען. — זאָגט ר' אליה און שלעפּט

מיט דעם דאַרען קליינעם שמש'ל און רוימט איהם איין אַ סוד, אַז מען דאַרף שיקען איהר מיט די קינדער.

שיינדעלעס שאַרפער אויער האָט עס ניט פערפעהלט צו הערען, זי ווייס אַז די קינדער וועלען קומען וועט ער געהן מיט זיי...

זי געהט צו נאָהענט צו איהם מיט איהר פולען בוזים און וואַרעמע קערפער.

— קום, שלום, קום, מיר וועלען אַריבער דעם גרענעץ. איך וועל אין פּרייסען האַנדלען און די וועסט אויך פערדיענען.

— קום צוריק, שיינדעלע, מאַמעלע. אַלץ וועט ווערען פערגעסען, מיר וועלען דאָ גופא חתונה האָבען און קיינער וועט ניט וואַגען דיר אַ קרומען וואָרט צו זאָגען.

— ניין, דאָ ניט. — זאָגט זי ענטשלאָסען.

שיינדעלע וואַרפט אַלע ווייַלע בליקען איבערן פעלד צו זעהן אויב זיי קומען שוין. און זי דערזעהט פון וויטען זיך שלעפּענדיג דריי קליינינקע קינדערלעך און די שטיעף־מאַמע מיט איינעם אויף די הענט. זי פערשטעלט איהם די וועג. שלום זיצט ווי אַ פער'משפט'ער צום טויט. זי נעהמט איהם אַרום. זי פיהלט ווי ער בייט זיך איבער. ער גלעט איהר די האַלז מיט קיהלע פינגער און זי ענטבלויזט פאַר איהם אַ וואַרעמע האַרץ. און שווייגט. עס רעדט אין איהר יעדער גליעד: זעה זעה ווי שעהן מיין קערפּער איז. ווי וואַרעם... קום, קום... און ווי אַ מכשפה וואַרפט זי די לעצטע קאָרט! טרומף טויז! עס איז געוואונען...

— קום שלום'ל, עס ווערט שפּעט און מיר מוזען זיך בעזאָרגען מיט נאַכט־לעגער... אין דאָרף וועלען אונז די גוים לאָזען נעכטיגען אין אַ שייער מיט היי. און קאַטש קיינער איז דערביי ניטאָ, שעפּטשעט זי עס אַרוים שטיל ווי אַ סוד...

ער הויבט זיך לאַנגזאַם אויף, ווי אונטער אַ היפּנאָזע. זי האַלט צו זיין קאָפּ ער זאָל אויף צוריק אַ בליק ניט טהאָן. און זיי געהן ביידע אַוועק צו אַ דאָרף, וועלכער פיהרט צו פּרייסען.



מ. ווינטשעווסקי.

# נאך'ן באנקעט

ראַמט אַוועק די טויטע בלומען
פון געשטאָרבענעם בוקעט:
'סוועט צוריק דער טאָג ניט קומען
צום פערגעסענעם פאָעט.
ניט דער יום־טוב, ניט דער ריח
פון דעם קראַנץ מיט זיין פערפיום.
אוים איז אַלץ און פוסט דער מוח
און די וועלט, אַך, טויב און שטום.

נעהמט די כוסות צו, די לעערע,
פון דעם אויסגעזופטען וויין:
ס'קומט צוריק ניט מעהר די „עהרע",
ניט דער „טרויבענזאַפט פון רהיין".
אַלץ איז לעדיג, קאַלט און טרוקען
ווי דער כוס, דער בלומענשטרוים,
און די ליעבע ווייזט אַ רוקען,
און עס געהט די פריינדשאַפט — אוים.

נעהמט אַראָב די לייכטער שנעלער,
מיט די לוסטרעס פון די ווענט:
'סוועט שוין מעהר ניט ווערען העלער,
ליכט און לאָמפּ — אַלץ אויסגעברענט.
אוים דער גלאַנץ, די קאָמפּלימענטען
פון דעם פרעכטיגען באַנקעט.
ווי דער טרוים פון מאָנומענטען
ביין פערגעסענעם פאָעט.

פון די נאָטען די געשטעלען
נעהמט אויך צו, ווייל די מוזיק
איז פערהילכט, און ברענגען וועלען
ניט מעהר איהרע טענער גליק.
אָבגעצימבעלט, אויסגעפידעלט
איז די פרייד אין די פיער ווענט:
ערגיץ זיצט אַ שד און לידעלט
אויף אַ גיהנם־אינסטרומענט.

און די סאָפאַ ניט פערגעסען !
טהוט איהם אַזאַ צער ניט אָן :
וואו זיין מלכה איז געזעסען
שטעהט אַן אָבגעניצטער טהראָן.
אַלץ איז אויס ! 'סוועט מעהר ניט זיצען
דאָרט זיין הערצענס־קעניגין ;
'סוועלען איהרע אויגענ־בליצען
ניט צוטומלען מעהר זיין זין.

איצט פערשליעסט שוין טיר און טויער,
מאַכט די פענסטער־לאָדענס צו :
פאַר אַ קבר איז דער מויער
פיעל צו גרויס צו געבען רוה ;
אויס פּאַלאַצען, מלוכה, מלך,
מלכה, טהראָן און צויבערבליק :
די הדיוטים לעבען פרעהליך
אין אַ נאַרען־רעפּובליק.

ניו יאָרק, 1191.

ה. ד. נאָמבערג.

# דער שנעע מענש

(פאַנטאַזיע).

עס איז געוועזען אַ קאַלטע העלע ווינטער נאַכט. דער הימעל איז געוועזען בעזעצט מיט זעהר פיעל שטערן ; די שטערן האָבען געפינקעלט און געבליצט ווי די אויגען פון אַ שטיפערישען אינגעל. און אַ לבנה איז בלויז איינע געוועזען אין הימעל, אָבער אַ ווארימע און אַ פולע איז זי געוועזען, שווייגענדיג האָט זי שפּאַציערט, געלאַסען, טריט ביי טריט. אַ קלאָרען העלען ראָד האָט דער הימעל געמאַכט אַרום איהר און די שטערן זענען אַנגעזאָגט געוואָרען מיט'ן הארבען וואָרט : „איהר האָט פאַר זיך די גאַנצע הימלישע שטרעקע, קונדסים, אָבער דאָרט אין ראָד זאָלט איהר ניט וואַגען צו קומען. דאָרט איז די לבנה“.

— דאָרט איז די לבנה, דאָרט איז די לבנה ! שאַ, שאַ, שטיל ! — האָבען זיך די שטערען געשושקעט צווישען זיך און צוגעוואונקען איינע צו די אַנדערע.

און אויף דער ערד איז געלעגען דער קלאָר געפאַלענער שנעע, וועלכער איז פערגליווערט געוואָרען און האָט אויך געפינקעלט ווי דימאַנטען ; אַ קלאָרער גרינליכער שיין האָט אַנגעפיהלט די לופט. אַלץ אַרום איז געווען

וויים, ניי און געגלאַנצט ווי די זילבערנע כלים, אויסגעפּוצט פּסח צום סדר.

און א חברה אינגלעך זענען ארוים אויפ'ן פעלד הינטער'ן בית המדרש. דאָרטען איז די ריינקייט פון שנעע ניט בעריהרט געווען דורך די טריט פון דורכגעהער. דאָרטען זעהט זיך דער גרויסער ברייטער הימעל פון אַלע זייטען. די קינדער זענען פריילאך און פערשטיעפּט. א גרויסע פּאָרע שלאָגט פון זייערע מיילער און נאָזלעכער. און איינע צו די אַנדערע שרייען זיי: —

— א שנעע מענש, א שנעע מענש! לאָמיר מאַכען א שנעע מענש. גערעדט און געטאָן.

זיי האָבען זיך באלד א לאָז געטאָן איבער'ן פעלד, יעדערער האָט גענומען א פּולען הויפען שנעע און האָט איהם הארט געמאַכט צווישען די הענד. דערפון איז געוואָרען א קליינער קויל. דעם קויל האָט ער אוועקגעלעגט אויפ'ן שנעע און האָט איהם אָנגעהויבען קייקלען. דער אינגעל שטעהט איינ־געבויגען, דער קויל איןביידע הענט, און דער קויל האַלט אין איין וואקסען און ווערען אַלץ גרעסער און גרעסער. די ארבייט ווערט אַלץ שווערער און שווערער און די פּאָרע וואָס שלאָגט פון די קינדער ווערט אַלץ געדיכטער... וואָלט ווער עס איז פון וויטען א קוק געטאָן אויף די איינגעבויגענע קינדער און אויף די פּאָרע וואָס שלאָגט פון זיי, וואָלט ער זיך געטראַכט אז קליינע דאַמפּף מאַשינען ארבייטען דאָרט.

און די קוילען ווערען צוזאַמענגעקליבען אויף איין אָרט. עס ווערט פּין זיי פיס, א בויך, הענד, א קאָפּ און אין קאָפּ — צוויי שווארצע אויגען. עס געהט אַריבער א קורצע צייט און דער שנעע־מענש, אין גאַנצען וויים, שטעהט שוין פעסט אויף זיינע פּיס און זיינע צוויי שווארצע אויגען קוקען אויף די אינגלאַך וועלכע גלעטען איהם מיט ליעבשאַפט. ער קוקט, אָבער ער פערשטעהט גאָר נישט...

די אינגלאַך זענען געוואָרען מיעד און הונגעריג. חיים האָט זיך דערמאָנט אַז ער האָט נאָך זיין שיעור ניט פארטיג געמאַכט; יאָסעל האָט זיך דערמאָנט אַז טאַטע־מאַמע וואַרטען אויף איהם אין דער היים און זענען געווים בעזאָרגט וועגען איהם. אַנדערע זענען סתם הונגעריג געוואָרען. גרשון, א בלייכער, שוואַכער אינגעל, האָט גאָר נישט געטראַכט און גאָר נישט געזאָגט. ער האָט נאָר געקלאַפּט מיט די ציין און האָט בלאָזענדיג מיט'ן מויל געוואַרעמט זיינע שפּיץ פינגער. און אַז חיים האָט פאָרגעשלאָגען צו געהן אַהיים, האָט ער זיך זעהר פערוואונדערט אויף דער גוטער עצה און האָט מיט'ן גאַנצען הארצען מסכים געווען.

— ט־ט־א־קע. — האָט ער אויסגערופען — און די ציין האָבען אַלץ געקלאַפּט איינע אָן די אַנדערע.

די אינגלאַך זענען אַוועק אַהיים און דער שנעע מענש איז געבליבען איינער אַליין אויפ'ן פעלד.

אַרום איז געווען א טיעפע שטילקייט. דער שנעע מענש האָט אויפגע־הויבען זיינע אויגען צום הימעל און האָט דערזעהן די שטערען מיט דער לבנה; האָט א קוק געטאָן אויף דער ערד און האָט דערזעהן די אויסגעשפּריי־

טע שנעע, וועלכע פינקעלט אין די שטראַהלען פון דער קלאָרער לבנה. און ער האָט זיך שטאַרק דערפרעהט איבער אַלץ וואָס ער זעהט אַרום זיך. און אין האַרצען האָט ער זיך געטראַכט: „ווייזט אויס אַז איך ל ע ב דאָך און איך האָב עס גאָר ניט געוואוסט; כ'האָב אַ לעבען אין מיר, אויף מיין וואָרט!" און ער האָט זיך נאָך שטאַרקער געפרעהט.

אַ שוואַרצער ראָב איז פערביי געפלויגען אין קלאָרען לופט און האָט הויך אויסגעשריען „קראַא!" — ווי איינער זאָגט: „ווער ביזטו דאָ? און וואָס שטעהסטו דאָ?

דער שנעע מענש וואָס האָט נאָך גאָר ניט געקענט ענטפערן (ווייל ער האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנטריידען) האָט געשוויגען. דער ראָב איז אַרונטערגעפלויגען פון דער הויך, האָט זיך עטליכע מאָל אַרומגעדרעהט אַרום דעם שנעע־מענש און, דערזעהענדיג אַז דער שנעע־מענש ריהרט זיך ניט פון אָרט, איז ער אַרויפגעפלויגען אויף זיין קאָפּ און האָט מיט גאוה אויס־געשריען „קראַא!" ווי איינער זאָגט: „איך, דער שוואַרצער ראָב, שטעה אויפ'ן קאָפּ פון דעם ווייסען מענש!" „קראַא!"

האָט עס דעם שנעע־מענש שטאַרק באַנג געטאָן און ער איז געוואָרען זעהר טרויעריג. אָבער וויינען אָדער זיפצען כדי עס זאָל איהם גרינגער ווע־רען, האָט ער ניט געקענט, ווייל זיין אויג האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט וויינען און זיין האַרץ — זיפצען. און דער ראָב שטעהט אויף זיין קאָפּ און לאַכט פון איהם, ער האָט שוין אַפילו זיין שנאָבעל אַריינגערוקט אינ'ם קאָפּ פון דעם שנעע־מענש. נאָר ער האָט שנעל צוריק אַ הויב געטאָן דעם שנאָבעל געגען הימעל: „קרראַא!" האָט זיך גע'כעס'ט דער שוואַרצער פויגעל, ווי איינער זאָגט: „די קאָפּ איז פון שנעע, מען קען עס ניט עסען".

און די שטערען קוקען פון הימעל און לאַכען פון דעם שנעע־מענש, וויני־קען מיט די אויגען איינער צום צווייטען ווי זיי וואָלטען געזאָגט:

— „קוקט, קוקט! אָט שטעהט אַ ווייסער מענש, אויפ'ן קאָפּ ביי איהם איז אַ שוואַרצער ראָב. דער ראָב שרייט און ער שווייגט. שוטה! שוטה!"

האָט עס נאָך מעהר באַנג געטאָן דעם שנעע מענש און ער האָט שוין ניט געקענט אַריבערטראָגען זיין שאַנדע. האָט ער געעפענט דעם מויל און מיט ביטערניס אויסגערעדט!

— איך בין דאָך אַ שטומער, ווי אַזוי־זשע זאָל איך רעדען?

אויסגערעדט די עטליכע ווערטער איז ביי איהם אַ געדאַנק געבאָרען געוואָרען: „איך האָב זיך שוין אויסגעלערנט רעדען און איך האָב עס גאָר־נישט געוואוסט, אויף מיין וואָרט!" און ער האָט זיך דערמיט שטאַרק דער־פרעהט.

די שטערען, דערהערענדיג ווי ער ז אָ ג ט אַז ער איז אַ שטומער, האָ־בען זיך נאָך מעהר צולאַכט, אַפילו די לבנה אַליין האָט זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטען און האָט אויך געשמייכעלט.

דער ראָב האָט זיך שטאַרק פערוואונדערט ווען ער האָט דערהערט אַז דער שנעע־מענש רעדט פּונקט ווי אַ בשר ודם און מיט כעס האָט ער

אויסגערופען: „קראַא!“ ווי איינער זאָגט: „ביזט דאָך אַ מענש, וואָרום־זשע קען מען דיין קאָפּ ניט עסען?“

און דער שנעע־מענש האָט געעפענט זיין מויל און געזאָגט צום ראָב:

— איך קען ריידען, געה אַראָפּ פון מיין קאָפּ!“

— „קרראַא!“ — האָט איהם דער ראָב געענטפערט, אָבער ריהרען מיט די הענד און פיס קענסטו דאָך ניט, האָב איך פאַר דיר קיין מורא ניט, „קרראַא!“

דער שנעע מענש איז שטאַרק אין כעס געוואָרען און האָט אַ הויב געטאָן מיט'ן קאָפּ אַראָפּ צו טרייבען דעם ראָב און אין האַרצען האָט ער געטראַכט: „איך קען שוין שאָקלען מיט'ן קאָפּ און איך האָב עס גאָר ניט געוואוסט!“

דער ראָב האָט זיך שטאַרק דערשראָקען, האָט פאַנאַנדערגעשפּרייט זיינע שוואַרצע פליגלען און איז אַוועקגעפלויגען. ער איז געפלויגען און געשאָלטען אַלעמען, דעם ווייסען מענש וואָס זיין קאָפּ איז פון שנעע און מען קען עס ניט עסען; די אינגלאַך — וואָס זייערע קעפּ קען מען יע עסען, זענען זיי אָבער ווילדע און לאָזען איהם זיך ניט שטעלען אויף זייערע קעפּ; ער האָט אויך געשאָלטען די שטערען, דער לבנה, זיך אַליין, זיין לעבען און דער גאַנצער וועלט.

שטיל איז געוואָרען אויפ'ן פעלד. די שטימע פונ'ם ראָב האָט זיך פאַרלאָרען צווישען די צווייגען פון די וואַלד בוימער וואָס זענען געשטאַנען אין זייט פון פעלד. די לופט איז געווען קלאָר. דער הימעל ריין. שטעהט זיך דער שנעע מענש אַ שעה, צוויי שעה, קוקט אויף זיין שוואַרצען שאָטען וואָס צושפּרייט זיך אונטען אויפ'ן ווייסען שנעע, אויף דער לבנה וואָס אויבען אין הימעל, אויפ'ן דערבייאיגען וואַלד און אויפ'ן בית־המדרש וואָס שטעהט פון דער אַנדער זייט. און אַז עס איז איהם נמאס געוואָרען דאָס שטעהען ליידיג, האָט ער אויפגעעפענט דעם מויל און האָט געגענעצט.

דערנאָך האָט ער זיך אַ טראַכט געטאָן: „מען דאַרף פּרואווען אפשר קען איך געהן? אויף מיין וואָרט!“

האָט ער אויפגעהויבען די פיס און איז געגאַנגען. זיין שאָטען אויפ'ן שנעע געהט און שאָקעלט זיך צוזאַמען מיט איהם. ביידע הענד היינגען איהם אַרונטער פון ביידע זייטען (ווייל ער האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערענט שאָקלען מיט די הענד). ער איז אַריבער געגאַנגען דעם פעלד און געקומען ביז'ן צוים. ער האָט אָבער צושלאָגען די פיס געהענדיג, איז ער שטאַרק אין כעס געוואָרען.

אויפ'ן בית־מדרש הויף האָט ער דערזעהן דורכ'ן פענסטער אַ טונקעלע ליכט. ער האָט אָבער ניט געוואוסט אַז די שויב צושיידט איהם פון צימער. האָט ער אַ דריק געטאָן זיין קאָפּ צום שויב און זיין שעהנער נאָז וואָס דער בלייכער און שוואַכער גרשון האָט איהם געמאַכט איז איבערגעפיהרט געוואָרען. איז ער נאָך שטאַרקער אין כעס געוואָרען. „ווייטער“ — האָט ער

זיך געטראַכט — „דאַרף מען זיין זעהר פאָרזיכטיג, מען דאַרף גוט חוקר ודורש זיין וואָס מען טהוט“.

איז דער שנעע מענש אַרום געגאַנגען אַרום בית־מדרש און ווייל ער האָט מורא געהאַט איינצושטעלען זיינע צוואונדעטע פיס און זיין קאָפּ, האָט ער אָנגעהויבען צו בעוועגען מיט די הענד. איז ער געגאַנגען טאַפּענדיג מיט די הענד, אַרומגעגאַנגען אַלע פיער ווענט פון בית־מדרש, ערשט אין מערב זייט האָט זיך געטראָפען אַ טיהר. איז ער אַריין אינוועניג און האָט פערמאַכט די טיהר.

האָט ער דערזעהן אַז אויפ׳ן טיש ליעגט אַ מענש אַזוי ווי ער, צוגעדעקט מיט אַ בגד, די אויגען פאַרמאַכט, האָט ער זיך שטאַרק דערפרעהט. ער האָט אָבער מורא געהאַט צו צוגעהן נאָהענט. ער האָט געוואוסט אַז מען דאַרף זיין פאָרזיכטיג. איז ער אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבערן בית־מדרש. זיינע טריט האָבען זיך ניט געהערט, ווייל זיינע פיאַטעס זענען צו־גאַנגען געוואָרען און פון זיי איז געוואָרען וואַסער. ער האָט בעטראַכט די הויז און אַלץ וואָס אין הויז, דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו דעם שלאָפענדען און האָט איהם געפרעגט:

— „קענסטו ריידען? איך קען! אויף מיין וואָרט!“

דער שלאָפּעדיגער האָט איהם גאָר נישט געענטפערט, ער האָט נאָר שטאַרק געכראָפּעט. איז דעם שנעע־מענש געוואָרען אומעטיג. האָט ער זיך אָפּגעקעהרט מיט כעס פון דעם שלאָפעדיגען און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקעל ווייל זיינע קרעפּטען זענען אָפּגעשוואַכט געוואָרען. און אַז עס איז איהם נמאס געוואָרען זיצענדיג, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און האָט זיך געוואָלט צולעגען אויפ׳ן טיש, ער האָט געזוכט אַ בגד מיט וואָס צו צו־דעקען זיך, האָט ער גענומען טאַפּען די בענקלעך און די סלופּעס. דערזע־הענדיג אַז מען קען זיך מיט זיי ניט צודעקען איז ער צוגעגאַנגען צום מזרח וואַנד און האָט גענומען טאַפּען דעם פּרוכת מיט די הענד. ער האָט זיך שטאַרק דערפרעהט וואָס ער האָט געפונען מיט וואָס צו צודעקען זיין נאַקעטען גוף.

האָט ער אַרונטער גענומען דעם פּרוכת, ערשט ער הערט עפּעס אַ גע־וויין פון אָרון. עפענט ער אויף דעם אָרון, דערזעהט ער ווי דריי ספרי־תורות, צוויי אין די ווינקלען און איינע אין מיטען, שטעהען איינגעוויקעלט אין זעהר שעהנע קליידלאַך און וויינען און קלאָגען:

— „וועה איז אונז, וועה איז אונז, מיר זענען שוין אַלט געוואָרען. וואָס ווייטער ווערען מיר אַלץ מעהר פערגעסען פון דעם פאָלק ישראל. אפילו די גוטע קינדער פוילען זיך אויך צו לערנען אונזער שפּראַך און דער קומט נאָך און וויל אַוועק גזל׳ען פון אונז אונזער פּרוכת, דעם שעהנעם פּרוכת, וועה איז אונז!“

האָט דער שנעע מענש רחמנות געהאַט אויף די ספרי־תורות און האָט צוריק אויפגעהאַנגען דעם פּרוכת. און אין האַרצען האָט ער געטראַכט: „איך וועל געהן צו די גוטע קינדער און וועל זיי זאָגען, זיי זאָלען זיך ניט פוילען צו לערנען די תורה און איהר לשון, ווייל עס קען נאָך, חלילה, אין גאַנצען

פערגעסען ווערען די תורה פון ישראל. איך וועל געהן און וועל זיי דער־צעהלען אז די ספרי־תורות וויינען שטאַרק״.

אזוי האָט ער זיך געטראַכט און איז ארומגעגאַנגען הין און צוריק אי־בער׳ן בית־מדרש. ער האָט ניט געפיהלט אז זיין גוף ווערט אַלץ מעהר צו־גאַנגען אז דער גאַנצער בית־מדרש איז שוין פול מיט וואַסער. פלוצלונג האָט ער דערפיהלט אז זיין רעכטע האַנד האָט זיך פון איהם אָפּגעריסען און איז אַרונטער געפאַלען אויף דער ערד. אין שרעק האָט ער אויפגעהויבען די פיס און האָט געוואָלט אַנטלויפען נאָך איבערלויפענדיג דעם שוועל האָבען זיך איהם די פיס פערטשעפּעט און ער איז געפאַלען און צושאָטען געוואָרען.

אין דער פריה, ווען די קינדער זיינען געקומען אין בית־מדרש, האָבען זיי דערזעהן אַז לעבען טיהר ליעגט אַ גרויסע קופּע שנעע און קיינער האָט ניט געוואוסט ווער האָט דאָס אהער געבראַכט.

ה. רויזענבלאַט.

## צוויי חברים

בערעל חיה׳ס, בערעל פּייע׳ס,
צוויי בכבוד׳יגע זקנים.
זיעבען צעהנדליג יאָהר און מעהרער
אין דעם זעלבען געסעל שכנים.

ביידע אינגעל־וויים געלערענט
ביי איין רבי׳ן, פון איין סידור,
ביידע זיך אין קלויז געוואַלגערט
און פערהאַלטען זיך ווי ברידער...

ביידע אין איין צייט בר־מצוה,
ביידע אין איין צייט חתנים,
ביידע ווערען בעל־הבית׳לעך,
נאָכדעם סוחרים׳לעך לפנים...

ביידע האַנדלען זיי בשותפות:
תבואה, אָקסען, וועלדער, מאַנדעל,
און פערלירען, ביז אַ פּרוטה,
דעם נדן אין זייער האַנדעל...

* * *

בערעל היה'ס, בערעל פייע'ס,
קערען אום זיך צו דער תורה.
ביידענ'ס ווייבלעך ווערען קרעמער,
מיט בטחון מעהר ווי סחורה,

האַנד אָן האַנד צונויפגעשלאָסען
סיי אין פריידען, סיי אין טרויער,
ווערען ביידע אַלט און עלטער,
ווערען ביידע גרוי און גרויער.

* * *

אין דעם אַלטען בית־המדרש
האַלב אין דונקעלהייט פערצויגען
אין אַ ווינקעל ביי אַ שטענדער
זיצען ביידע איינגעבויגען.

ביי איין ליכטעל, ביי איין ספר,
מיט דעם זעלבען אומעט נגון,
ביידענ'ס ווייסע קעפּ און זהגות
זיך פּאַמעלאַך וויעגען, וויעגען.

שטיל איז... נאָר דער אַלטער זייגער.
מאָנאָטאָנע לאָזט זיך הערען.
סומנע... נאָר דאָס חלב־ליכטעל
וויינט מיט שטילע פרומע טרערען;

וויינט פאַר שמחה וואָס בעשערט איז
דעם אַזוי פיעל גליק און זעגען:
ברענען הייליג און בעלייכטען
די חברים'ס לעצטע וועגען....

דאָך עס טרעפט — ווי אָפט בעמערקט איהר,
אין אַ זומער־טאג אַ שעהנעם,
רוקט זיך פלוצלים אָן אַ כמאַרע
אויף דעם הימעל אויף דעם ריינעם,

רוקט זיך אָן מיט בליץ און דונער,
דאַכט זיך, שוין, די וועלט געהט אונטער,
נאָר מיט איינמאָהל שווינד די כמאַרע
און די זונן שטראַהלט ווידער מונטער. —

פּונקט אַזוי פּאַסירט ניט זעלטען,
בשעת אַ פּלוגתא, די למדנים
שטעהען איינער געגען צווייטען
זיך צו דורס זיין ווי שונאים.

ביידענ'ס ווייסע קעפּ און זקנות
רוקען נאָהענט זיך צוזאַמען: —
אויף די הויכע שטערענס כמאַרע,
אין די אויגען בליצען פלאַמען...

נאָר דאָס דויערט בלויז אַ רגע,
און שוין שמייכלען ביידענס אויגען,
מיט אַ שמייכעל וואָס איז ענליך
צו דעם ליכט פון רעגענבויגען...

און עס קוקען די חברים
זיך מיט ליעבשאַפט אָן און לאַכען:
„זאָלען צווישען זיך אַליין שוין
די תנאים שלום מאַכען..."

* * *

בערעל חיה'ס, בערעל פייע'ס,
אַ לעגענדע און אַ חלום — — —
אויף דעם זעלבען בית־הקברות
לאַנג שוין דרימלען זיי בשלום...



אברהם רייזען:

# דער אלטער

איך בין געווען ניט לאַנג איינגעלאַדען אויף דינער אין אַ ראַדיקאַלער ארבייטער פאַמיליע.

די יוגענד איז געווען פרעהליך געשטימט. עס איז געווען אַ זונטאַג, איילען זיך צו דער ארבייט ברויך מען ניט. דערצו איז מען געווען אַנגעגרייט נאָך דינער צו געהן אויף אַ פּיק־ניק, וועלכער האָט געזאָלט זיין זעהר אינ־טערעסאַנט.

די צוויי טעכטער, וועלכע ארבייטען אַ גאַנצע וואָך אין אַ שאַפּ, האָבען זיך געפלייסט, אַז דער דינער זאָל לכבוד מיר אַרוים וואָס געראָטענער. די צוויי זיהן, וויעדער, האָבען געקוקט, אַז עס זאָל זיין אַ גוט גלעזעל ביער ביי'ן עסען. און דערפאַר האָבען די הכנות צום דינער צו לאַנג געדויערט און איך האָב מיך שוין אָנגעהויבען אביסעל צו לאַנגווייליגען.

ענדליך איז שוין אַלץ צום דינער פערטיג געוואָרען. די טעלער האָט מען שוין אַוועק געשטעלט אויפ'ן טיש, אויסלעגענדיג ביי יעדען טעלער אַ גאָפּעל, לעפעל און מעסער. דאַכט זיך אַלץ איז שוין פערטיג געווען און דאָך איז מען נאָך עסען אַלץ ניט געגאַנגען.

די עלטערע טאָכטער, חוה, מיט בלאַסע באַקען און טיעף איינגעגראָבענע אין שטערען פינקלענדיגע שוואַרצע אויגען, האָט זיך געֹסוד'עט מיט'ן ברודער, חיים'ן; דערנאָך מיט דער אינגערער שוועסטער, לייקע, אַ מייד־דעל פון אַ יאָהר צוויי־און־צוואַנציג, וועלכע האָט נאָך ענטהאַלטען אביסעל נאַטירליכע פאַרב אין געזיכט און די שוואַרצע האָר פערקאַמט אין אַ צאָפּ וואָס האָט זי נאָך פיעל אינגער געמאַכט. אָבסוד'ענדיג זיך זאַלבעדריט צווי־שען זיך איז ענדליך לייקע צו מיר צוגעגאַנגען און מיט אַ פריינדליכען שמיי־כעל מיך געפרעגט:

— וואָלט איהר וועלען זיך בעקענען מיט אונזער טאַטען?

— אָה, מיט'ן גרעסטען פערגעניגען! האָב איך מיך אָנגעהאַפּט מעהר אויס העפליכקייט. איך האָב געהערט נאָך פריהער אַז זייער פאָטער איז איבער אַכציג יאָהר אַלט און איז אונגעוועהנליך פרום.

— וועט ער וועלען קומען דען? האָט די מוטער, אַ פרוי פון אַ יאָהר זעכציג געצווייפעלט — ער וועט ניט אַוועקגעהן פון בית־מדרש.

— גאַנצע טעג זיצט ער אין בית־מדרש... האָט זי זיך צו מיר געווענדעט מיט אַ בעדויערונגס־שמייכעל — אינטערעסירט זיך ניט מיט קיין זאַך.

— צוליעב'ן גאַסט וועט ער געוויס קומען, — האָט לייקע פערזיכערט.— חיים, זאָג איהם, אַז דער גאַסט איז אַ בעל הבתישער יונגער מאַן און קומט ערשט פון רוסלאַנד... צו אַזאַ וועט ער לויפען...

— יאָ, יאָ! האָט די מוטער געזיפצט, — דערהערט ער אַז עמיצער איז געקומען פון רוסלאַנד, ווערט ער אַן אַנדער מענש.

איצט ערשט האָב איך מיך שטאַרק פעראינטערעסירט מיט דעם אַל־

טען פאָטער זייערען, און האָב אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג, אַז מען זאָל איהם רופען.

חיים איז אַוועק נאָך איהם אין בית־מדרש, וועלכער האָט זיך געפונען ניט ווייט פון זייער וואָהנונג. איך האָב מיט אונגעדולד געוואַרט...

אין עטליכע מינוט אַרום איז מיט חיים'ן אַריין אין שטוב אַ גרייז־גראָהער הויכער זקן, אַביסעל אונטערהינקענדיג אויף אַ פוס...

איך האָב מיך איינגעקוקט טיעף אין זיין פּנים און האָב דערזעהען אין ויינע אויגען אַ פערבאָרגענע שרעק, צומישונג און אונגעהייערע בענקשאַפט...

ער איז שטעהן געבליבען אין מיטען שטוב און האָט ווי פערווירט געקוקט אַרום.

— טאַטע, דאָס איז אונזער גאַסט! האָט ענדליך לייקע פרעהליך זיך געווענדעט צו איהם.

איך בין גלייך צוגעגאַנגען צו איהם...

— שלום־עליכם! האָט ער מיר אויסגעשטרעקט זיין אַלטע ביינערנע האַנד.

אין דעם „שלום עליכם“ האָט אַ קלונג געטהאָן אַזוי פיעל ליעבע, מענש־ליכקייט און אין דער זעלבער צייט עלענדקייט, אַז איך האָב די האַנד זיינע שטאַרק אַ דריק געטהאָן און הויך און דייטליך, ער זאָל גוט הערען, איהם געענטפערט:

— עליכם שלום!

— טאַטע, האָט שוין די עלטערע, חוה, זיך געווענדעט צו איהם, — דער יונגער מאַן איז ערשט פון רוסלאַנד.

— האַ? האָט ער האַלב ניט גלויבענדיג זיינע אויערען אויסגערופען הייזעריגליך, — וואָס זאָגסטו, טאָכטער?

— ערשט פון רוסלאַנד געקומען...

אין זיינע אַלטע אויגען האָט אַ פינקעל געטהאָן אַ פייעריל און ער האָט מיט אַ בעזונדער מין וואַרימקייט צו מיר זיך אָנגערופען:

— אַזוי, ערשט פון רוסלאַנד... זעצט זיך... זעצט זיך... זעצט זיך.. און אָבשטאַמלענדיג אַ פּאָר פראַזען האָט ער שוין דייטליך אַרויסגערעדט:

— דער עולם פאָהרט נאָך אַלץ אַהער.. דאָרטען איז דאָך בעסער... חי־חי־חי... מיינע קינדער אַרבייטען דאָ אַלע נעבעך... אַלע אַרבייטען..

— אָבער דאָ איז דאָך פרייער... האָב איך איהם געוואָלט עפּעס בעמערקען.

— יאַ, פרייער, פרייער... האָט ער געזיפצט. מען מעג טהון וואָס מען וויל... אַוואַדע.. פון דעסטוועגען וואָלט איך נאָך געפאָהרען צוריק אַהיים...

— ווי אַזוי וואָלט איהר געלאָזען די קינדער דאָ?..

— חי־חי־חי! האָט ער גוטהערציג געלאַכט... די קינדער... דאָ בין איך אַ קינד... זיי אַרבייטען נעבעך און שפּייזען מיר...

— ווי אַזוי קומט איהר טאַקי צו פאָהרען אַהער? האָב איך געפרעגט.

— ווי אַזוי? האַ, ווי אַזוי? עס איז טאַקי אַ קשיא... ווי קום איך

אין אַמעריקע?... האָט ער זיך צוזיפצט.. איך אין אַמעריקע?.. געווען אַ איד אַ סוחר, ברייט געהאַנדעלט.. געווען אַלערליי צייטען, אָבער שטענדיג געווען אַ בעל הבית, מיט אַ נאָמען, מיט אַ פונדאַמענט... נו, האָט מען דאָך געוואָלט „פרייהייט", חי־חי־חי — פדייהייט. איז געוואָרען פריי, פאַרשטעהט איהר מיך, און מען האָט געמאַכט פּאָגראָמען, גערויבט, געשלאָגען...

— איהר קומט אהער נאָך'ן פּאָגראָם?

— וואָס דען — פאַר'ן פּאָגראָם וואָלט איך אהער געפאָהרען?.. איך האָב גענדאַרפט אַמעריקע?... איך האָב דען ניט געוואוסט וואָס אַמעריקע איז... אלא וואָס דען? מען איז ניט געוואָרען זיכער מיט'ן לעבען אפילו נאָכ'ן פּאָגראָם. דער עיקר — די טעכטער... אַ קלייניגקייט, אַז אידיש בלוט און אידישער כבוד איז הפקר... האָב איך טאַקי געוואָלט, אַז די טעכטער זאָלען אוועקפאָהרען; דער בחור איז נאָך נאָכ'ן ערשטען פּאָגראָם אוועקגעפאָהרען... האבען זיי אָבער מיך ניט געוואָלט לאָזען אַליין... אין דער היים איז אַ טאַטע ניט ווי דאָ.... און צוריק גערעדט האָב איך אויך דאָ גאָר נישט צו זיי...

— הייסט עס זענט איהר צוליעב די קינדער געפאָהרען... האָב איך געפרעגט...

— עס פערשטעהט זיך, וואָס דען — אַ י ך האָב דען גערעכענט צו פאָהרען אין אַמעריקע?... איך האָב נאָר געוואָלט זיי זאָלען פאָהרען און איך וואָלט מיין לעבען געענדיגט אין דער היים, ליעגען לעבען מיינע עלטערן... אויף וואס האָב איך געדופעט... אַז מען וועט מיך ניט אריינלאָזען... די הצפירה האָב איך געלייענט, האָב איך דוקא געוואוסט, אַז אַלטע לייט לאָזט מען ניט אריין און דערצו נאָך בין איך אין פּאָגראָם געראַניעט געוואָרען אין פוס, געלעגען זעקס וואכען אין האָספּיטאַל, און הינק עד היום, איז דאָך אַודאי גוט, וועט מען דאָך מיר אודאי ניט אַריינלאָזען — און מיט די אויגען מיינע בין איך אויך געווען זיכער, אַז זיי טויגען ניט פאַר אַמעריקע... איך האָב דאָס אַלץ געוואוסט פון דער הצפירה. בין איך דאָך געווען ביי מיר זיכער, אַז מיך וועט מען שיקען צוריק און אָהן מיר ווילען זיי ניט פאָהרען — האָב איך זיי געוואָלט אבנאַרען. אויסען בין איך נאָר געווען, אַז זיי זאָלען בלייבען אין אַמעריקע, ווייל מען איז דעמאָלט ניט געווען זיכער מיט'ן לעבען... איבערהויפּט די טעכטער... אַ קלייניגקייט, אַז עס איז הפקר...

— הייסט עס זענט איהר געפאָהרען לכתחילה אַז מען זאָל אייך שיקען צוריק? — האָב איך מיך שוין שטאַרק פערוואונדערט.

— וואָס דען? האָט זיך דער אַלטער אנגעחאַפּט. — ווען איך וויים, אַז מען לאָזט מיך אַריין, וואָלט איך דען געפאָהרען... אַ י ך אין אַמעריקע?.. ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז די הצפירה ווייס טאַקי אַלץ און דאס האָט זי גראָד ניט געוואוסט... ס'הייסט די הצפירה איז ניט שולדיג... אריינלאָזען האָט מען טאַקי לכתחילה מיך ניט געוואָלט; אלא וואָס דען? ווי באַלד, אַז איך האָב געליטען פון פּאָגראָם היים איך שוין אַ „פּאָליטישער" — איהר פאַרשטעהט? און ווי באַלד איך בין אַ פּאָליטישער קומט מיר שוין אריינ־

לאָזען.. איך האָב דערהערט דעם גזר איז מיר געוואָרען פינסטער אין די אויגען. די קינדער פרעהען זיך, די אַלטע פרעהט זיך און איך בין ווי צוטומעלט: מיין גאַנצער פּלאַן, הייסט עס, איז צו גאָרנישט געוואָרען... ניט איינגעגעבען זיך... זיי אַ חכם און וויים, אַז אַמעריקע האט אַזוי פּיעל יושר...

— איז דאָך גוט — האָב איך איהם געוואָלט טרייסטען. ווי באַלד אַז דאָ איז אַזוי פּיעל יושר, היינט וואס בענקט איהר אַהיים... ביי אונז אין דערהיים איז דאָך ניטאָ פון דעם מין... היינט וואס בענקט איהר?

— וואס הייסט איך בענק... האט ער זיך געווענקעלט... עס איז גלאַט ניט קיין דרך אויף דער עלטער צו לעבען אין אַמעריקע... פאַר מיר האָט דאָס ניט געפּאסט... עס איז דען אַ לאַנד?.. איהר ווייסט — האָט ער ענדליך צוגעגעבען, אַמאָל דאַכט מיר, אַז דאָ איז אַלץ אויף צוכלומרשט... ס'איז אַלץ עפּעס ניט דאָס... דאָ איז דאָך אויך דאָ אַ בית־מדרש... און אַ רב, און אַ שוחט, און אַ קצב... נאָר ס'איז אַלץ אויף צו כלומרשט... ווי מיינט איהר?... דאַכט זיך עס אייך אויך ניט דאָס זעלביגע?

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטהאן און האט דערזעהען מיין געראַזירטע פּנים, האט ער אַראבגעלאָזען די אויגען און מעהר נישט געפונען קיין ווערטער...

איך האָב שטיל אבגעזיפצט און געוואָלט וואס זאגען, נאר עס איז צוגעגאַנגען דער זוהן חיים, אָהן אַ היטעל און מיך איינגעלאַדען צום טיש.

— און איהר? האָב איך שוואַך געפרעגט, ווענדענדיג זיך צום אַלטען.

— ניין, אַ דאַנק, איך עס ניט קיין פליייש...

— און מילך אַ פּנים עסט ער? האָט די אַלטע זיך צוזיפצט... אַלץ איז דאָ ביי איהם טרייף...

— טרייף? חלילה! האָט ער זיך אנגעהאַפּט... ווער זאגט דען?.. נאר איך גלויב זיי נישט...

מיר האָבען זיך געזעצט אַלע ביים טיש... די קינדער האָבען פרעהליך געפּלוידערט. מיר אָבער איז געווען עפּיס ניט צום מוט, און טיעף אין הארצען האָב איך בעדויערט דעם אַלטען, וואָס דער מזל איז צו איהם געווען אַזוי גרוייזאם און מען האָט איהם יא אריינגעלאָזען אין דעם פרייען לאַנד...



יוסף ראָלניק:

# נ ע כ ט

אַלטע לידען אויף דאָס ניי איבערגעלעבט.

.1

פיעל איך האָב איהר ניט בערוהיגט —
וויפיעל כ'האָב איהר ניט געוויעגט —
וויל מיין הארץ ניט רוהיג שלאָפען,
איז זי אַלץ נאָך ניט בעזיעגט.

ווי אַ קינד, וואָס אויפגעוואַכט האָט,
פּלוצלינג אין דער מיטען נאַכט;
שפּיעלט מיט זיך אַליין בנעימות,
פאַר זיך וויינט עס און עס לאַכט.

טאַטע מאַמע שטעהען אויפעט
צינדען אַ קליין לעמפּיל אָן:
טאַטע האָט דעם טאָג געהאַנדעלט,
מאַמע האָט אין הויז געטאָהן

איז דער טאַטע בייז און מורמעלט
מאַמע שלאָגט דאָס קינד אומזיסט —
דאָך אין ביידענס אַלטע הערצער
אַ בעהאַלט'נע שמחה פליעסט.

.2

איז אַ שטערען אויפגעגאַנגען
אויף מיין הימעל? איז עס וואָהר?
אָדער איז'ס אַ נייער פאַלבעל
אין דעם מח פון אַ נאַר?

שטערען, שטערען ביזט פאַראַנען?
זאָג מיר, ענטפער, ניט בעהאַלט!
נור אַ שטערען האָט קיין ווערטער,
ס'גוט אַ שטערען נור און שטראַהלט.

.3

איך אַן אורח אַ פערזאַמטער,
שטעה געבויגען פאַר דיין טיהר;
אויב דיין הארץ איז שוין צוגעבען —
שענק אַ חבר־אַרעם מיר.

כ'וועל דיין חסד ניט פערגעסען,
אייביג בענשען וועל איך דיר,
פון אַן אָרימאַן אַ ברכה
ברייננט די שפע צו דער טיהר.

.4

כ'בין די נאַכט אָהן שלאָף געלעגען
און מיט טאָג גלייך אויפגעשטאַנען,
און אַוועק די ביכער פרעגען:
איז אַ האָפנונג נאָך פאַראַנען?

ביכער קלוגע, ביכער אַלטע.
בלעטער געל און גריז געוואָרען.
שטעהט געשריעבען אין די ביכער:
„וואָס פערלעבט דאָס איז פערלאָרען".

.5

דו ביזט געזעסען ביי מיין זייט,
און מילד אויף מיר געקוקט,
געוואַקסען האָט אין מיר מיין הארץ,
געוואַקסען און געצוקט —

ווי ס'וואָלט אַ טויב מיט פליעגלען צוויי.
מיט ווייסע פליעגלען צוויי
אַרום מיין נאַק'טער ברוסט געפּאַכט.
און ווייך בעריהרט מיט זיי.

אין הויז האָט מען פון מילך גערעדט,
פון פּוטער און פון געלט.
אַ וויפיעל דאָס האָט מיר געקאָסט!
דיין בליק האָט'ס מיר פאַרגעלט.

ווען איך האָב דיך געפיהרט אַהיים
איז לעער די גאַס געווען —
נור אין אַ יעדער הויז מיר דאַכט,
איז אַ חתונה געווען.

.6

דיין טיהר איז פערמאַכט און פערשלאָסען,
דיין פענסטער איז הויך פון דער ערד.
געקלאַפּט האָב איך לאַנג און געקלונגען,
און האָב ניט קיין ענטפער געהערט.

וואו ביזטו? וואו ביזטו געוועזען?
צו האָט דיר דיין הארץ ניט געזאָגט,
אַז הארט ביי דיין טיהר אויף די טרעפּען
אַ הארץ וואַלגערט אום זיך און קלאָגט.

.7

וואָס האָט מיך געצויגען ?
ווער האָט מיך געבראַכט ?
צו דעם שוואַרצען טויער
אין דער שוואַרצער נאַכט ?

ס'איז א סוד, דאָס וויסען
איך און זי נור צוויי.
וואָס־זשע טהוט זי דאָרטען ?
זאָמט זיך לאַנג אזוי.

ס'אַרט איהר נישט מיין וואַרטען
און מיין רופען נישט —
נור דעם אַלטען נאַכט־הונד
אויפגעוועקט אומזיסט...

---

.8

געהאַמערט האָט מיין האַרץ ווען כ'בין
א היים צו דיר געגאַנגען,
אזוי ווי ס'וואָלט דער וועלט זייגער
אין ברוסט ביי מיר געהאָנגען.

ווען כ'בין געגאַנגען פון דיין הויז
איז מיר מיין האַרץ פערגאַנגען.
איך האָב דיך ניט געזעהן — עס איז
דער זייגער אויסגעגאַנגען.

---

.9

לאָז פיעשצען זיך פיעשצען פאַר דיר.
און מיינען אז דו האָסט מיך ליעב.
און זאָל דאָס א נאַרישקייט זיין
אזוי ווי א קינד מיר פערגיעב.

דעם אמת אויסזאָגענדיג דיר :
איך גלויב ניט אז דו האָסט מיך ליעב,
דאָך זאָגען דאָס דאַרפסטו מיר ניט.
מיין קינדערשע האַרץ ניט בעטריעב.

---

.10

נאָך א פרעמדען מאָטיוו.
ליעבע פאַר דעם האַרצען איז
נור א פלאַם צו ברענען.
קלוג צו נאַריש גוט צו שלעכט —
מ'דאַרף נור ברענען, ברענען...

אין דעם ברענען ליעגט דער זינן
און דער צוועק פון לעבען.
ווי אן עלה זאָלסטו זיך
נאָר דעם פלאַם אבגעבען...

.11

צו זאָגען האָב איך דיר גאָר פיעל
דאָך וועל איך גאָר ניט ריידען.
און ווי א חתן־בחור'ל
וועל האַלטען זיך בעשיידען.

דו ביזט דאָך אזוי שעמעדיג
ווען איך וועל זיך אָנבויגען,
א קוש טהאָן אויפ'ן שטערען דיך —
פערמאַך די פרומע אויגען,

---

.12

א קיהלע נאַכט, א ריינער הימעל.
און א לבנה גרויס און בלאַס,
צוויי רייהען שלאָפעדיגע הייזער.
א שטילע אומבעקאַנטע גאַס.

מיר געהען שטיל, צוויי ריעזען שאָטענס
בעגלייטען אונז אין וועג אריין.
א לעערער פלאַץ—א גרויסער שלאָף־זאָל—
און דער לבנה'ס גרינעם שיין...

מיר געהען שטיל — ווי שטיל עס שווימען
לבנה און די שאָטענס צוויי.
א שטילע נאַכט — און מיר פערשטעהען —
וואָס הייזער שלאָפען פריה אזוי.

---

.13

דו זיי דער „הערר" די „דאַמע" איך.
איך לאָז זיך פון דיר פיהרען,
וואוהין דו געהסט איך געה מיט דיר,
דו וועסט זיך ניט פערליערען.

און ווען עס זאָל אזוינס געשעהן,
אין יענע טונקלע זאַלען,
איז אזוי שטיל און זיס אזוי —
און אזוי ווייך צו פאַלען...

---

.14

אָט דאָס איז די ליעבע און דאָס איז די
שטראָף,
זאָל גאָט איבער אונז זיך דערבאַרמען.
געוועזן אזא קעלט און עס האָט זיך געוואָלט,
א ביסעל דאָס האַרץ נור דערוואַרמען.

איצט דריקען די אָרעמס, די צאַרט ווייכע
מיך,
ווי צוואַנגען, ווי אייזערנע רינגען,
איך האָב אויסגעטרונקען דעם ווייַן און
דערנאָך,
געמוזט אויף דעם בעכער דערשלינגען.

15.

פערברענט זאָלט איהר ווערן איהר ביכער!
וואָס אַרט מיך דער „זיין“ און „ניט זיין“?
איהר לערענט מיך בעסער צו ליעבען
און לערענט געליעבט ווי צו זיין.

כ'האָב תלמוד און פּוסקים געלערנט
געשפּאַלטען דעם ים היין און הער ;
די איינציגע סוגיא פון ליעבען
און ווערען געליעבט ניט זיך שווער.

16.

איך האָב ניט צום סדר־העולם.
און טראָג קיין פערדרוס ניט אויף גאָט.
אמאָהל אין א שעה פון אונווילען,
פאַרוואָס ער בעשאַפען מיך האָט..

נור ס'קומען ביי נאַכט מיינע טרעהרען,
ווי אָנקלאָגער שטומע צו גאָט.
דאַן גלויב איך פערדריסט איהם אליין אויך
פאַרוואָס ער בעשאַפען מיך האָט..

17.

מיידעל מיידעל האָב מיך האָלט,
כ'וועל דיר עפּעס געבען.
ניט קיין פּעריל, ניט קיין גאָלד,
נור מיין גאַנצען לעבען.

יאָהרען האָב איך שוין ניט פיעל —
ס'איז קיין סוד פאַר ביידען.
נעהם די לעצטע, מיידעל, צו
פאַר אביסעל פריידען.

18.

א גאַנצער מעת־לעת איז מיין בריוועל
געגאַנגען —
א גאַנצער מעת־לעת — צוריק איהרער,
ווי לאַנגזאַם עס שלעפּט זיך דער מאַרש
פון דער ליעבע..
ווער זיינען די וועג־ווייזער, פיהרער?..

א פייער אין הארצען שפּרינגט אויף און
מאַכט ליכטיג
ווי באַלד איך דערמאָן מיך נור איהרער־.
ווי בליץ שנעל עס טראָגט זיך דער מאַרש
פון דער ליעבע —
ווער זיינען די וועג־ווייזער, פיהרער?..

19.

ווי בין איך מקנא די פייגלאך .
צו זינגען איז זיי ניט פערוועהרט.
נו זינגען זיי ווען עס פערווילט זיך,
דער וואַלד און דער הימעל זיי הערט.

ווי בין איך מקנא די קינדער.
צו וויינען איז זיי ניט פערוועהרט.
נו וויינען זיי ווען עס פערווילט זיך,
א האַרץ פון א מאַמע זיי הערט.

20.

איך וועל אזוי אפּט אטאַקירען.
דאָס מיידעל מיט ליעדעלאך קליינע.
אזוי ווי א שטאָדט א בעלעגטע,
בעהאַנגעלט מיט קוילען דער שונא.

זיי וועלען דאָרט געטער אומוואַרפען —
און טעמפּלען ווי נעצען צופליקען.
און וועלען ווי שפּינגוועבס צורייסען
צום עבר פערהייליגטע בריקען.

זיי וועלען דאָרט אַנמאַכען שרפות —
און אויפגעהן דאָס האַרץ וועט אין פלאַמען.
און שטראָמען ווייז בלוט וועט זיך גיסען,
אי איהרע אי מיינע צוזאַמען.

21.

מיין פערלאַנג און מיין באַגעהר,
איז לויטער קלייניגקייטען.
ווען א בליק, און ווען א וואָרט,
א שמייכעל פון דער ווייטען.

גיעסט מיך אָב מיט ליכט דיין אויג,
דיין וואָרט מיר שיינקט דאָס לעבען,
אפּטער, אפּטער קום צו מיר,
ערהאַלט מיך ביי דעם לעבען.

22.

האָסט גוטע מינוטען געשאַנקען.
און מעהרער נאָך שלעכטע געגעבען.
די שלעכטע זאָל גאָט דיר פערגעבען,
איך וועל נור די גוטע געדיינקען.

צוויי קינדערשע הענטעלאך קליינע,
וואָס טוליען זיך צערטליך און גלעטען.
צוויי אויגען וואָס ריידען און בעטען
צו קען מען זיי ווערען א שונא.

23.

פאַר דעם א וויץ, פאַר דעם א טרעהר,
פאַר דעם א הארציג וואָרט,
ארום דיין הארצענס רייכען טיש,
האָט יעדערער זיין ארט.

דאָך וויסען וואָלט זיך מיר געוואָלט,
ווער איז דער אמת׳ר ווירטה —
וואָס זיצט אין רעכטען אויבען־אָן,
און פון דער הויף רעגיערט?...

24.

איך האָב געהאט אַ שלעכטען חלום :
אין חלום האָב איך דיך געזעהן.
דו האָסט א ווייסע קלייד געטראָגען,
ביי דיר איז חתונה געווען.

ביי לאַנגע טישען אנגעשטעלטע,
מיט שפייז און וויינען אלערליי.
געזעסען זיינען הערען, דאַמען,
די ציערונג האָט געבלאַנקט אויף זיי.

דו ביזט ווייט אויבען אָן געזעסען,
און ניט ווי אימער — שטום און בלייך...
אַ ברחן, חתונה מתנות
האָט אויסגערופען פון דער הויך.

און איהם, אויך איהם האָב איך געזעהן
דאָרט.
איך האָב איהם ביי דיין זייט דערקענט,
איך וואָלט זיין נאָמען אַנגערופען,
ווען איך—ווען איך וואָלט דאָס געקענט.

25.

אויבען איז דער צוג געפלויגען.
אונטען האָב איך געשפּאַציערט,
אין דעם צוג ביזטו געזעסען,
דאַכט זיך דו האָסט מיך בעריהרט.

לאַנג בין איך איהם נאָכגעלאָפען,
ווי ער דונערט ווי ער בליצט.
אויסגעפינען האָב געוואָלט איך
יענע פענסטער וואו דו זיצסט.

בליץ שנעל איז דער צוג געפלויגען,
שטראַהלען וואָרפענדיג אין וועג,
גלייך ווי דו — איצט ווייטע מיידעל —
זיך בעוויזען און אוועק.

26.

א נייער טאָג ? — נייז, אַנגעצונדען
האָט זיך אין געסעלע א שייער.
און האָב און גוטס געזאַמעלטע,
ווערט צונעהמען דער פייער.

אַט קייקלען זיי זיך אין דער הויך
די פייערדיגע וואַלען,
עס שטירצט דער דאַך, און איינציגווייז
די באַלקענס פאַלען, פאַלען,

א שווארצער רויך, דער גארבען טאָרף
האָט אויך זיך אַנגעצונדען,
און מיט דעם טויבען־שלאַג איז אויך
די טויבען־פּאָאר פערשוואונדען.

און רויטע בלעטער שטרעקען זיך
פון ריעזיג הויכע פפלאַנצען.
און קינדער פרעהען זיך אויף זיי
און וואַרמען זיך און טאַנצען.

אומזיסט האָט זיך דער אַלטער גלאָק
צושאָקעלט און צושריען.
אומזיסט געקומען זיינען אויך
די פייער לייט צופליהען.

און האָב און גוטס געצערטעלטע
דער פייער וועט פערצעהרען.
און אונזער ארעם געסעלע,
וועט ארעמער נאָך ווערען.

27.

## נאָך היינע.

וואָס ערשט געווען אן אמת,
איז שוין א חלום בלויז,
דער פאָרהאַנג איז געפאַלען,
די טרויער שטיק איז אוים.

געווען א שטיק אַ שעהנע,
פון קינסטלער אויסגעפיהרט.
און הערליך איז געוועזען,
די סצענע דעקאָרירט.

דער העלד, די פּרימאַדאַנא ;
דער ליץ, דער אינטריגאַנט.
געשפּיעלט האָט יעדער זיינעס,
מיט ליעבע און טאַלאַנט.

נעקושט האט די געליעבטע,
מיט ליעבעס הייסע גלוט,
פון העלדענס הארץ, גערונגען
האט אמת הייסע בלוט.

דער אינטריגאנט אין ארבעל
האט גיפט און דאלך געבראכט.
דער ליץ האט אלץ געזונגען,
און פון דער זייט געלאכט.

פון אלע שפיעלער האב איך,
דעם העלד מעהר מיטגעפיהלט.
דערפאר, ווייל אין זיין ראליע
האב איך אליין געשפיעלט...

י. ראלניק.

דר. ח. זשיטלאווסקי.

# וועגען אויפקלעהרונג

די וועלט־אנשויאונג פון יעדער צייט רוהט אויף געוויסע גרונד־פרינ־ציפען, וואס בעהערשען אלע ערשיינונגען פון איהר לעבען און שאפען.

ס'איז ניט דא דער ארט אריין צו לאזען זיך אין דער חקירה, פון וואנען יענע גרונד־פרינציפען שטאמען. בקיצור קאן מען זאגען, אז זייערעווארצלען ליעגען אין די טיעפערע לעבענס־נויטען פון דעם פאלק. דער עיקר, אין די עקאנאמישע, סאציאלע און נאציאנאלע בעדערפניסען. ווען יענע טיעפערע לעבענס־נויטען ווערען, א דאנק דעם געשיכטליכען פראצעס, גאנץ אנדערע, מוזען סוף־כל־סוף אויך די גרונד־פרינציפען פון דער וועלט־אנשויאונג זיך איבערבייטען.

פארקומען קומט דאס פאר אין דער גייסטיגער וועלט אויף אזא'ן אופן. פריהער הויבען אן איינצעלנע דענקער אריין צו ווארפען א חשד אין דעם אבסאלוטען אמת פון די גרונד־פרינציפען. דער חשד וואקסט זיך פאנאנדער. עס מעהרען זיך און פרוכפערן זיך די ספיקות. איינצעלנע דענקער פרובען ארוים שטעלען נייע סברות, נייע גרונד־פרינציפען, ביז עס קומט דער זשעני פון דער נ י י ע ר צייט, — אדער איניגע זשעניען, זיי קאנצענטרירען אין זייער געדאנק אלע שטראהלען פון קריטיק, וואס האבען זיך ארום גע־טראגען אין דער גייסטיגער אטמאספערע. זיי פערטיעפען און ברענגען צונויף אין א סיסטעם די נייע געדאנקען, און א נייע וועלט־אנשויאונג איז פארטיג, אנגעגרייט צו פערנעהמען דעם פלאץ פון דער אלטער. איצטער קומט די צייט פאר די ט א ל א נ ט ע ן , וואס דרינגען אריין אין דער נייער וועלט־אנשויאונג, טראכטען זי גוט דורך, ווערען אנגעצינדען מיט התלהבות צו איהר און נעהמען אריין טראגען די נייע ערקענטניס אין די מוחות פון די מעהר אדער ווייניגער ברייטערע מאסען פונ'ם פאלק.

עס הויבט זיך אן די „אויפקלעהרונגס־צייט“, און די ארבייט פון דער „אויפקלעהרונג“ בעשטעהט אין דעם, וואס דער גרעסערער עולם ווערט בע־קאנט געמאכט מיט די רעזולטאטען פון דער רעוואלוציאן, וועלכע האט זיך אבגעשפיעלט אין דער גייסטיגער וועלט.

די „אויפקלערונג“ דערקלערט, פאַר וואָס די אַלטע יסודות זענען געוועזן „פאַלש“, זי זינגט בעגייסטערטע לויב־געזאַנגען אויף די נייע גרונד־פּרינציפּען, אויף די נייע וועגען און מעטהאָדען פון דער פּראָגרעסיווער פאָרשונג. דער עיקר אָבער זעהט זי, אַז די ר ע ז ו ל ט א ט ע ן, די לעצטע אמת'ען, צו וועלכע דער „נייער גייסט“ איז געקומען, זאָלען אַריין דרינגען אין די מוחות און די הערצער פון דעם אויפגעקלערטען עולם.

אַזעלכע „אויפקלערונגס“־צייטען האָט די געשיכטע פון דעם מענשליכען פּראָגרעס געהאַט עטליכע. די בעקאַנטעסטע פון זיי זענען די עפּאָכע פון די „סאָפיסטען“ אינ'ם אַלטען גריעכענלאַנד, דער הומאַניזם אין די רענעסאַנס־פילאָסאָפיע נאָך'ן מיטעל־אַלטער און „אויפקלערונגס“־צייט פון דעם סוף אַכטצעהנטען יאָהר־הונדערט.

די לעצטערע עפּאָכע איז פאַר אונז די וויכטיגסטע דער פאַר, ווייל אונטער דער שליטה פון איהרע געדאַנקען שטעהט נאָך עד היום דאָס רוב פון דער געבילדעטער וועלט.

די וועלט־אַנשויאונג, אַנטגעגען וועלכער עס האָט געקעמפּפט יענע „אויפקלערונג“, האָט גערוהט אויף דעם גלויבען אין אַן איבער־נאַטירליכען גאָט, וואָס האָט אַלע וויכטיגסטע אמת'ען וועגען וועלט און מענשליכען לעבען אַנטפּלעקט צו זיינע נביאים, דער איינציגער מקור פון אַ ריכטיגען גלויבען און וויסען זענען דעריבער געווען די „הייליגע שריפטען“ (ביי יעדער רעליגיאָן א י ה ר ע הייליגע שריפטען), אין וועלכע עס איז פערשריעבען און ריכטיג אויסגעטייטשט דער אמת, וואָס שטאַמט פון גאָט אַליין.

די נייע וועלט־אַנשויאונג, וואָס די אויפקלערונג האָט פּאָפּוליאַריזירט, האָט אַנשטאָט די הייליגע ביכער אַוועקגעשטעלט די רייכע, אונענדליכע נאַטור, און אַנשטאָט דער געטליכער „אַנטפּלעקונג“ האָט זי אַוועקגעזעצט אויפ'ן טהראָן דעם שטאָלצען גלויבען אין דער מאַכט פון דעם מענשליכען שכל.

די ראַדיקאַלערע אויפקלערער האָבען אין גאַנצען מבטל געווען דעם גלויבען אין גאָט און האָבען חוזק געמאַכט פון די הייליגע שריפטען. די ווע־ניגער ראַדיקאַלע האָבען געלאָזט גאָט בלייבען גאָט, האָבען אָבער געפאָדערט, אַז בעקאַנט מיט איהם זאָל מען ווערען דורך דעם שטודיום פון זיינע מעשים אין דער נ א ט ו ר. זיי האָבען אויך געלאָזט די הייליגע שריפטען בלייבען הייליגע שריפטען, האָבען אָבער אויסגעטייטשט די הייליגע ווערטער אַזוי, אַז דאָס זאָל ניט געהן להיפך צו די פאָדערונגען פון דעם מענשליכען ש כ ל.

אַ דאַנק אָט דער רעוואָלוציאָן אין דעם מענשליכען דענקען און אַ דאַנק דער אַרבייט פון די אויפקלערער, וואָס האָבען יענע רעוואָלוציאָן אַריינגעבראַכט אין די מוחות פון דעם געבילדעטען און האַלב געבילדעטען, איז שוין אין דער ערשטער העלפט פונ'ם נייַנצעהנטען יאָהר־הונדערט אויסגעוואַקסען אַ גרויסער קלאַס „אויפגעקלערטע“, וואָס האָט זיך אָבגעזאָגט פון די אַלטע „ליגענס“ און „בבא־מעשות“ פון דער רעליגיאָן און האָט אָנגעהויבען ג ל ו י ב ע ן אין די נייע אמת'ען פון דעם שכל און דער נאַטור־וויסענשאַפט.

איך אונטערשטרייך דעם וואָרט: „גלויבען“, ווייל דער ווי סען פון די גרויסע אויפגעקלעהרטע מאסען איז באמת געווען ניט מעהר ווי א גלויבען. עס האָט זיך מעהר נישט איבערגעביטען ווי די זאַך, אין וועלכער מען האָט געגלויבט.

איך לייקען גאָר ניט, אַז די אויפגעקלעהרטע האָבען גאַנץ זיכער־„געוואוסט“, אַז עס איז אין דער נאַטור ניטאָ קיין שדים און ניט קיין וואונדער, ווייל אין איהר הערשען אייביגע געזעצען, ווי דאָס לערנט אונז די נאַטור־וויסענשאַפט, אַז ניט די זון דרעהט זיך ארום דער ערד, נאָר די ערד ארום דער זון, ווייל דאָס האָט בעוויזען די אסטראָנאָמיע. אַנדערע — די ראַדיקאַלערע — האָבען אַקוראַט אַזוי זיכער און פעסט „געוואוסט“, אַז אין דער נאַטור איז ניטאָ קיין שום רוחניות, ווייל אַלץ איז גשמיות, און אפשר אויך, אַז עס איז לגמרי ניטאָ קיין גאָט, ווייל אַזוי קומט עס אויס „על פי וויסענשאַפט“ אָדער ווייל דער אַל־מאַכטיגער שכל איז מחייב די דאָזיגע סברה.

קוקט מען זיך אָבער אריין טיעפער, געפינט מען, אַז אָט דער מין „וויסען“ איז דאָס רוב אַ ברעקעל ניט געשטאַנען העכער פאַר יענעם „וויסען“, וואָס האָט געהערשט אין די פריהערדיגע „פינסטערע“ דורות. אויך זיי האָבען געוואוסט זיכער און אָהן אַ ברעקעל ספק, אַז עס זענען דאָ שדים, ווייל אייניגע האָבען זיי געזעהען מיט זייערע אייגענע אויגען און געטאַפּט מיט די אייגענע הענד; אַז יעדער מענשליכער גוף האָט אין זיך אַ נשמה, ווייל מען פלעגט זי אָפּט בעגעגנען ארום געהענדיג בכ׳הקלע; אַז אַ דבוק קאָן אריין אין אַ מענשען, ווייל מען האָט אָפּט אַליין געזעהען, ווי מען האָט איהם ארויסגעטריעבען; אַז די זון געהט און די ערד שטעהט, ווייל „אַזוי איז דאָס“ און אין די היילינע ספרים שטעהט עס בפירוש געשריעבען; אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, ווייל גאָט אַליין האָט דאָס אַנטפּלעקט צו זיינע נביאים און ווייל דער מענשליכער שכל איז מחייב די סברה.

איך וויל דערמיט ניט זאָגען, אַז דער געדאַנק פון נאַטור־געזעצען איז אַ ברעקעל ניט אמת׳ער, עהדער דער געדאַנק פון שדים און רוחות און אַז בכלל זענען די אמת׳ען פון דער אויפקלעהרונגס־צייט געשטאַנען ניט העכער עהדער די געדאַנקען פון דעם מיטעלאַלטער׳ליכען אבער־גלויבען. וואָס איך וויל זאָגען, איז נאָר, אַז די אויפגעקלעהרטע מאסען האָבען אויפגענומען די נייע אמת׳ען אויף דעם זעלביגען שטייגער, ווי די „פינסטערע“ דורות האָבען אויפגענומען די אַלטע: מיט אַ בלינדען צוטרוי צו דער גייסטיגער אויטאָריטעט פון די לעהרער. פריהער זענען לעהרער געווען גלחים און רבנים, האָט מען זיי געגלויבט אויפ׳ן וואָרט. דערנאָך זענען די לעהרער געוואָרען די געלערנטע און דער דענקער, זענען זיי געוואָרען די בעלי־בתים אויף דעם מענשענס־געדאַנק.

נעהמט צ. ב. דעם „וויסען“, אַז די זון שטעהט און די ערד דרעהט זיך. וויפיעל מיליאָנען אויפגעקלעהרטע און האַלב אויפגעקלעהרטע מענשען

„ווייסען“ שוין דאָס איצטער, אָדער וויפיעל פון די מיליאָנען וועלען אייך קאָנען געבען אַן ענטפער, פאַר וואָס דער שכל מוז אָננעהמען די סברה און פאַר וואָס דער אַלטער געדאַנק מוז זיין פאַלש! מען קאָן זיין זיכער, אַז ניט איין פּראָצענט פון די מיליאָנען (ניט איין פּראָצענט!) וועט ניט קאָנען קלאָהר און גרינדליך דערקלעהרען אייך די בעווייזען, וואָס די וויסענשאַפט האָט פאַר דער ריכטיגקייט פון קאָפּערניק'ס טהעאָרי. און די אייגענע זאַך איז כמעט מיט אַלע אַנדערע אמת'ען פון דער „אויפקלעהרונג“. דער אויפגעקלעהרטער גלויבט בלינד אין דער אויטאָריטעט פון זיינע גייסטיגע פיהרער (דעם לעהרער אין שוהל, דעם צייטונגס־אַרטיקעל, דעם אויפקלעהרונגס־ביכעל), ווי די פריהערדיגע דורות האָבען בלינד געגלויבט דער רעליגיעזער אויטאָריטעט.

און אין דערקלעהרונג פון די אונבעקאַנטע ערשיינונגען בערוהיגט ער זיך אָפט ביי אַ פּאָר „אויפגעקלעהרטע“ ווערטעלעך: „ס'איז אַזאַ מין נאַטור־קראַפט“, „ס'איז אַזאַ נאַטור־געזעץ“, „ס'איז — עלעקטריע“, אַקוראַט אַזוי, ווי די „פינסטערלינגע“ פון אַ מאָל פלעגען זיך דערקלעהרען ביי די ווערטעלעך: „ס'איז אַ דבוק“, „אַ סבה“, „אַ גאָט־זאַך“.

געהט מען איבער פון די אויפגעקלעהרטע מאַסען, צו די אויפקלעהרער אַליין, וואָלט פערשטעהט זיך געווען פאַלש צו זאָגען, אַז זיי האָבען אויפגענומען די אמת'ען אַקוראַט אַזוי בלינד, ווי די מאַסען. יעדעס שריפט פון די גרויסע אויפקלעהרער, — פון אַ מענדעלסאָהן, צ. ב. (און ער איז ניט גאָר דער וויכטיגסטער פון די אויפקלעהרער) אָדער אַפילו פון אַ ביוכנער אין די שפּעטערע צייטען, וואָס שטעהט לויט זיין שכל'דיגער קראַפט נאָך אַ סך ניעדעריגער, עהדער אַ מענדעלסאָהן בשעתו, — וואָס פאַר אַ שריפט פון די גרויסע אויפקלעהרער איהר זאָלט ניט נעהמען אין די הענד, וועט איהר געפינען, אַז זי איז פול מיט שכל, מיט זעלבסטשטענדיגע קאָמבינאַציעס, מיט פונקען פון אַן אָריגינעלען שאַפענדען גייסט. אָבער ווערט דערפון ניט שטאַרק נתפּעל. פערגלייכט זיי מיט די שריפטען פון די מיטעל־אַלטערליכע פילאָזאָפען, אָדער פון די שפּעט־סכאָלאַסטיקער אינ'ם פופצעהנטען און זעכצעהנטען יאָהר־הונדערט, און איהר וועט ביי די לעצטערע אויך געפינען דעמזעלביגען אָריגינעלען שפּיעל פון דעם מענשליכען גייסט: קלוגע המצאות, און פשט'לעך, און פּלפּולים, און סברות, און השערות, — אַ וואונדערבאַרען גימנאַסטיק פון דעם מענשליכען שכל: מיר ווערען דערביי פשוט ענטציקט פון די קונצען, וואָס ער קאָן אַרויסברענגען. און פון דעסטוועגען ווייסען מיר אַלע, אַז זייער שכל איז ניט געווען פריי, אַז אַלע זיינע קונצען האָט ער געקאָנט בעווייזען נאָר אין אַ בעגרענעצטען שטח. דער גייסט פון יענע דענקער איז מיט'ן נאָפּעל צוגעוואַקסען צו די יסודות פון זייער צייט, און זיין גאַנצער אַרום שפּרינגען איז געווען נאָר אויף אַזוי פיעל פריי, אויף וויפיעל דאָס האָט דערלאָזען די לענג פון דעם נאָפּעל. קוים האָט אַזאַ דענקער, נאָך גאָר אין אָנהויב פון זיינע געדאַנקען עס געמערקט, אַז זיין שכל געהט אין אַ וועג, וואָס מוז פיהרען צו ווייט, וואָס וועט מוזען אָברייסען דעם

נאָפּעל פון די יסודות — צ. ב., אז עס זענען ניטאָ קיין שדים, אָדער עס איז ניטאָ קיין גאָט, — אזוי פלעגט ער לכתחילה זיך א וואַרף טהאָן צוריק פון יענעם וועג און א לאָז טהאָן זיך אין די נאָהענטע און קירצערע שטעגעלעך.

אָבער גראָד דיזעלבע מעשה איז אויך מיט דעם דענקען פון די אויפ־קלעהרער. אויך דער אויפקלעהרער איז געווען א דענקער מיט א צוגעוואַק־סענעם נאָפּעל. און קוים פלעגט ער בעמערקען, אז די געדאַנקען זיינע „פער־אירדען" זיך אין א וועג, וואָס קאָן ווערען געפעהרליך פאַר די הייליגע יסודות פון דער אויפקלעהרונג, — די נאַטור־געזעצען און די אַלמאַכט פונ'ם מענש־ליכען שכל, — אזוי פלעגט ער תיכף אויסקירעווען דעם וואָגען צוריק, פונקט ווי די דענקער פונ'ם מיטעל־אַלטער.

שכל און נאַטור געזעצען! וועגען די יסודות טאָר ניט צוגעלאָזען ווע־רען קיין ברעקעל ספק! — דאָס איז געווען דער פעסטעסטער „אני מאמין" פון דער אויפקלעהרונג. און דעם בעסטען נאָמען פאַר דעם גאַנצען ענין פון אויפקלעהרונג האָט ארויס געבראַכט די העברעאישע שפראַך, וואָס האָט אָנ־גערופען די אויפקלעהרונג מיט דעם נאָמען „השכלה" (ראַציאָנאַליזם): א „בע'שכל'ונג", אויב מען קאָן מאַכען אזא וואָרט אין אידיש.

די התלהבות פאַר „בע'שכל'ונג" איז געגאַנגען אזוי ווייט, אז מענשען האָבען באמת געגלויבט, אז מיט זייער השכלה הויבט זיך אָן גאָר־גאָר א נייע פעריאָדע אין דער מענשליכער געשיכטע, וואָס איז ביז אהער קיין מאָל ניט געווען און וואָס טיילט אָב די געגענוואָרט פון די פערגאַנגענהייט מיט אַן אונענדליכען תהום.

וואָס האָט געהערשט אין דער פערגאַנגענהייט? — פינסטערנים, אבער־גלויבען און שקרים! — וואָס לויכט אין אונזער איצטיגער אויפגעקלעהרטער צייט? — די זון פונ'ם שכל, נאַטור־וויסענשאַפט און אמת! — פאַר וואָס האָט די פינסטערנים געהערשט אין דער פערגאַנגענהייט? — ווייל מענשען זענען געוועזען פראָים און לייכט־גלויביגע, — האָבען ניט געוואָלט פאָלגען די געבאָטען פונ'ם שכל און האָבען זיך אָבגעקעהרט פון די געזעצען פון דער נאַטור. — פאַר וואָס הערשט איצטער די זון פון דער „אויפקלעהרונג"? — ווייל מיר זענען די קלוגע און די געלערנטע!!

אזוי איז געווען דער גלויבען פון די אויפגעקלעהרטע נאָך אין די 60־גער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהר־הונדערט און אזוי איז ער נאָך היינטיגען טאָג ביי די גרויסע מאַסען פון די אויפגעקלעהרטע.

אָבער אויך דער טיעפערער געדאַנק פון דעם 19טען יאָהר־הונדערט האָט זיך, א דאַנק איינציגע געניאַלע דענקער, דערגראָבען צו נייע יסודות, וואָס פאַסטען ניט גאָר אין גאַנצען צו דער פער'שכור'טער התלהבות פון דעם שכל און די נאַטור־געזעצען.

וואָס מעהר מען האָט זיך גענומען אינטערעסירען מיט דעם שכל גופא, מיט יענער שטאָלצער אונבעגרעניצטער מאַכט, אויף וועלכער מען האָט גע־בויט אַלע האָפענונגען, אַלץ מעהר האָט מען גענומען איינזעהן אז ער אַר־בייט ניט ווי א רבונו־של־עולם, לויט זיין אבסאָלוטען פרייען ווילען, נאָר אז

ער איז אויך, ווי יעדעס פּיצעלע פון דער וועלט, אונטערגעוואָרפען אונטער געוויסע געזעטצען. קודם כל האָט ער זיין אייגענע טבע און א געוויסע צאָהל גאַנץ בעגרעניצטע כחות, און דאָס וואָס ער ברענגט ארויס, בעטראַכטענדיג די נאַטור, איז בשום אופן ניט א קלאָהרע אָבשפּיעגלונג פון דעם וואָס דאָרטען קומט פאָר, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס איז איבערגעאַנדערשט געוואָרען פון איהם, לויט די געזעצען פון זיין אייגענער טבע. עס איז אַלץ איינס, לאָמיר זאָגען, ווי אַן אויסגעבויגענער שפּיעגעל. וואָס פאַר א פיגור עס זאָל זיך ניט אָבשפּיעגלען אין איהם, מוז זי אויך א בעשטימטען אופן פערהויקערט ווערען, לויט די געזעצען פון יענע קרומע ליניעס, וואָס פון זיי בעשטעהט דער שטח פונ'ם שפּיעגעל. א חוץ דעם ארבייט דער שכל תמיד אונטער געוויסע אומשטענדען און די אומשטענדען האָבען א שטאַרקע שליטה אויף די אַרט פון יענע פּראָדוקטען, וועלכע ער ברענגט ארויס.

אפילו דער מאַטעריאַליסט, וואָס גלויבט נאָך מעהר פאַר אַלעמען אין דער מאַכט פון דעם שכל, גיט צו — און ווערט נאָך גראָב, ווען מען וויל איהם דאָס ניט גלויבען — אַז דער שכל איז א פּראָדוקט אין ערשטער ליניע פון אונזער מ א ר ך. און וואָס פאַר א מאַרך, אַזא שכל, קוים איז דער מאַרך א ביסעלע אַנדערש געבויט, וועט דער פּראָדוקט פונ'ם מאַרך, דער שכל, זיין א גאַנץ אַנדערער. דאָס גראָבט אונטער אין גאַנצען דעם שטאָלצען גלויבען אין דער אַלמאַכט פון דעם מענשען'ס שכל. מיט וואָס פאַר א רעכט קאָן איך מיך אַזוי גלויביג פערלאָזען אויף דאָס, וואָס ער איז מיך „מחייב?" פון וואַנען ווייס איך, אַז ער איז געבויט אַקוראַט אַזוי, כדי אָבצושפּיעגלען ריכטיג דעם אמת פון דער נאַטור? טאָמער שפּיעגעלט ער אָב די זאַכען ניט בעסער, עהדער אַן אויסגעבויגענער אָדער אַן איינגעבויגענער שפּיעגעל? טאָמער איז ער לכתחילה געבויט אַזוי, אַז דער אמת פערוואַנדעלט זיך ביי איהם אין שקר? טאָמער זענען די מאַרכען ביי די מענשען פערשיידען, און קיינער קאָן ניט וויסען, וועמעס מאַרך איז מעהר מסוגל אויסצוגעפינען און אויפצונעהמען דעם אמת?

געוויס, מען קאָן ניט לייקענען, אַז אין דער מאַטעמאַטיק און אין די נאַטור־וויסענשאַפטען האָט דער מענש אַרויסגעבראַכט אייניגע אמת'ען, מיט וועלכע יעדער מענשליכער שכל איז מסכים, ווי נאָר ער ווערט מיט זיי גרינדליך בעקאַנט. אָבער ערשטענס איז דאָס נאָר א בעוויז, אַז ביי אַלע מענשען איז פאַראַן אין די מוחות עפּעס געמיינזאַמעס, עפּעס בשותפות, וואָס מאַכט, אַז גראָד אין דער מאַטעמאַטיק און אין דער נאַטור־וויסענשאַפט זאָלען אַלע מענשען קאָנען אַרויסברענגען ג ל י י כ ע אמת'ען. דאָס בעווייזט נאָך אָבער ניט, אַז זיי אַלע ברענגען אַרויס דעם ר י כ ט י ג ע ן אמת. עס קאָן געמאָלט זיין אַז דער מענשליכער שכל מוז, לויט זיין נאַטור נאָך, ביי אַלע מענשען מאַכען דעמזעלביגען גלייכען טעות. אויב מיר זאָלען אָננעהמען, אַז דער שכל איז באמת א מין אויסגעבויגענער שפּיגעל, יעמאָלט קאָנען מיר פערשטעהן, ווי אַזוי איין־און־דיזעלביגע נאַטור ווערט אין אַלעמענס מוחות אויפ'ן גלייכען שטייגער פערהויקערט.

אָבער אָט די גלייכע ארט פון פערהויקערען דעם נאַטור־אמת קען דאָך געהן נאָר אַזוי ווייט, אויף ווי ווייט עס געהט די ערפאַהרונג פון דער נאַטור. ווי ווייט קאָן זי דען געהן? עס שטעלט זיך ארויס, אַז פון דער אונענדליכער נאַטור האָבען מיר נאָך גאָר־גאָר אַ קליין פּיצעלע בעאַרבייט. דרויסען פון דער וויסענשאַפטליכער ערפאַהרונג בלייבען נאָך ניט נאָר אונענדליכקייטען פון פאַסירונגען, וועלכע מיר האָבען נאָך ניט אונטערזוכט, נאָר עס איז אויך דאָ גענוג טעמים אָנצונעהמען, אַז אין יעדער פאַסירונג פון דער נאַטור, אפילו אין דער, וואָס מיר האָבען שוין „אין גאַנצען אויסגעפאָרשט" (ווי אין דעם פאַלען פון אַ שטיין), הערשען נאָך אַ סך קרעפטען, פון וועלכע מיר ווייסען נאָך גאָר ניט „מיט וואָס מען עסט זיי", ד. ה. מיט וועלכע מיטלען מען וואָלט זיי געקאָנט אַריינגעהמען אין אונזער שכל. אויף אַ פּולע פון זיי שטויסען מיר זיך אָן מיט'ן קאָפּ; מיר שפּיהרען, אַז עפּעס איז דאָרטען „ניט־גלאַטיג", קאָנען אָבער ניט אַריינדרינגען אין זיי, ווייל די חושים פאַר זיי פעהלען אונז. (ווי אונז פעהלט, צ. ב., דער חוש פאַר דער מאַגנעטישער קראַפט, וואָס איז אויסגעגאָסען אומעדום איבער דער גאַנצער ערד.)

און אויף אַזאַ'ן אופן מוז דער שכל אַליין, ווי נאָר ער קומט צום שכל, ד. ה. צו זיך גופא, צוגעבען, אַז זיין מאַכט איז דוקא גאָר און גאָר אַ בעגרענעצטע; אַז ער איז ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט אַן אונענדליכען ים פון סודות און אַז די סודות, אָדער אַ געוויסע צאָהל פון זיי, מוזען פאַר איהם בלייבען אויף אייביג פערדעקט. כל זמן ער וועט שטעהן אונטער דער שליטה פון זיין אייגענער טבע, (אפשר פון דעם בוי פון זיין מאַרך), פון די בעדינגונגען, אונטער וועלכע ער מוז אַרבייטען, — וועט אַלע מאָל שטעהן אַ וואַנט צווישען איהם און דער נאַטור. סיידען ער זאָל אָנהויבען אַרבייטען גאָר אָהן אויסערע בעדינגונגען, זיך אין גאַנצען בעפרייען פון זיין מאַרך, זיינע חושים און זיין גוף; סיידען ער זאָל אין גאַנצען אַרויס־שפּרינגען פון זיין טבע... אָבער יעמאָלט וועט ער דאָך שוין זיין „ריינע רוחניות", אַ שטיק פון יענער וועלט, אין וועלכע מיר, אויפגעקלעהרטע, טאָהרען ניט גלויבען. און אפילו, אַז מיר זאָלען יע אָנהויבען גלויבען, וועט אונז דערפון ניט ווערען ניט אַ ברעקעל וואַרעמער, ווייל די „יענע וועלט" האַלט זיך צו גרויס ביי זיך און וויל ניט האָבען קיין מגע ומשא מיט אונזערער...

און אַ חוץ דעם איז אין דעם 19טען יאָהרהונדערט בעפעסטיגט געוואָרען נאָך אַ יסוד, וואָס שטימט אויך ניט גאַנץ האַרמאָניש מיט דעם גרונד־טאָן פון דער אויפקלעהרונג. דאָס איז דער גרויסער, רעוואָלוציאָנערער געדאַנק פון ענטוויקעלונג, פון פּראָגרעס. ניט נאָר די נאַטור ענטוויקעלט זיך, שאַפט אָב אַלטע פאָרמען און ברענגט ארויס נייע. וואָס וועלען ווידער אַמאָל אָבגעשאַפט ווערען, אויך די גייסטיגע ענטוויקעלונג פון דער מענשהייט מוז פאָלגען דעמזעלביגען געזעץ. אויך דאָ ברענגט יעדער דור אַרויס געוויסע געדאַנקען, ווייל ער מוז עס אַזוי טהאָן, לויט די געזעצען פון דעם גייסטיגען שאַפען און לויט די בעדינגונ־

גען, אין וועלכע דאָס גייסטיגע שאַפען האָט זיך געפונען. דער קומענדיגער דור מוז א געוויסען טייל פון די פריהערדיגע געדאַנקען אריינגעהמען אין זיין אייגענע וועלט־אנשויאונג און א געוויסען אנדער טייל אין גאַנצען מבטל זיין, און דער דור וואָס וועט קומען נאָך איהם, וועט, לויט די זעלּבינע געזעצען פון דער ענטוויקעלונג, געצוואונגען זיין, זיך צו בעגעהן מיט די „אמת׳ען" פון זיינע טאַטעס אַקוראַט אַזוי, ווי די טאַטעס האָבען זיך בעגאַנגען מיט די אמת׳ען פון זיינע זיידעס...

די קריטיק פון דעם מענשליכען שכל (די ניכטערע אָבשעצונג פון זיין טבע, זיין אָבהענגיגקייט פון די בעדינגונגען אין דעם מארך, זיינע קרעפטען און זיינע בעדרפעניסען), די גרענעצען פון דער נאַטור־וויסענשאַפטליכער ערקענטניס און דער ענטוויקעלונגס־געזעץ, — אָט דאָס זענען די נייע יסודות, צו וועלכע דער גייסט פון 19טען יאהרהונדערט האָט זיך דערגראָבען. ביסלעכווייז זענען זיי אויך אריינגעדרונגען אין יענעם שטראָם, „אויפקלעהרונג", וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו טראָגען זיך פון דעם אכטצעהנטען יאהרהונדערט אָן, און האָבען זיך אויסגעמישט מיט די אַלטע יסודות, וואָס בעשטעהען אין דער פערגעטערונג פונ׳ם שכל און אין דעם בורעים־פּאַלען פאַר די נאַטור־געזעצען.

מערקווירדיג איז דערביי, ווי ווייניג אויפגעקלעהרטע מענשען פערשטעהען, וואָס פאַר א רעוואָלוציע אָט די דאָזיגע נייע יסודות ברענגען אריין אין דער אַלטער אויפקלעהרונג. ביי א מענשען, וואָס האָט זיך באמת טיעף אריינגעטראַכט און אריינגעפיהלט אין די נייע יסודות, מוז זיך קודם כל איבערבייטען די שטעלונג צו די אַלטע „שקרים", „באָבע־מעשות" און „אבערגלויבענס" פון די פריהערדיגע „פינסטערע" דורות. ער מוז זיך זאָגען: אויב מיינע קינדער וועלען זיך בעגעהן מיט מיינע אמת׳ען, ווי איך מיט די אמת׳ען פון מיינע טאַטעס, וועלען זיי גאַנץ בעשטימט בעטראַכטען זיי ווי „שקרים", „באָבע־מעשות" און „אבערגלויבענס" און אויף מיר, דעם ארויסברענגער פון די אַלע ליכטיגע אמת׳ען, וועט ער קוקען ווי אויף א פינסטערלינג און א פרא־אדם. און זיינע קינדער וועלען זיך אויף דעמזעלבּיגען שטייגער בעגעהן מיט זיינע „אמת׳ען" און אַזוי עד סוף כל הדורות. טראַכט מען דורך דעם געדאַנק ביז׳ן סוף, יעמאָלט קומט אויס, אז די גאַנצע מענשהייט איז אַלע מאָל בעשטאַנען און וועט אַלע מאָל בעשטעהן פון פינסטערלינגע און פראים, און אַלץ וואָס זי האָט ארויסגעבראַכט ביז אהער און וועט נאָך ארויסברענגען אין דער צוקונפט איז געווען און וועט זיין ניט מעהר ווי „שקרים", „באָבע־מעשות" און „אבערגלויבענס". און פון דעסטוועגען האָט די מענשהייט, — אזוי ביני לבינו, — בעשאַפען א רייכע קולטור, מיט וויסענשאַפטען, פילאָסאָפיען, רעליגיאָנען, פערשיידענע ארטען פון קונסט, פערשיידענע פאָרמען פון געזעלשאַפטליכען לעבען, — א גרויסע, רייכע, שכל׳דיגע וועלט, וואָס איז גאָר ערגעץ אויף דער וועלט ניט געווען, ביז דער מענש האָט זי בעשאַפען, — א גרויסע, רייכע, שכל׳דיגע וועלט, וואָס האַלט אין איין וואַקסען, אין איין פאַנאַנדערצווייגען זיך...

אמעהר, לאָם איך דעם ענין אַ דרעה טהאָן צוריק. אנשטאַט צו גלויבען, אַז די גאַנצע מענשהייט שאַפט תמיד נארישע שקרים, לאָמיר אָננעהמען, אַז זי בעשאַפט שטענדיג ליכטיגע אמת'ען, נאָר יעדער דור שאַפט יענע אמת'ען, וואָס טויגען נאָר פאַר איהם... און מיין זיידע, מיט זיינע אמת'ען איז אַקוראַט אַזאַ מיוחס ווי איך מיט מיינע, און איך בין ניט וועניגער מיוחס, עהדער מיינע ווייטעסטע אור־אור־אייניקלעך, ווי „פערעלטעט" עס זאָל ניט זיין מיין אמת אין זייערע אויגען.

דאָס פיהרט אָבער צו אַ גאַנץ אַנדער בליק אויף דעם מהות פון דעם מענשליכען אמת. ביז אהער האָט מען געמיינט, אַז דער אמת בעשטעהט אין דעם, וואָס שפּיעגעלט אָב ריכטיג די זאַך, ווי זי איז דרויסען פון אונזער שכל. און אַזוי ווי עס קאָן נאָר זיין איין ריכטיגע אָבשפּיעגעלונג, איז מוז ממילא זיין נאָר איין אמת, און אַלץ וואָס שטימט ניט איין מיט איהם איז אַ טעות אָדער אַ שקר. און אַזוי ווי איך בין זיכער, אַז מיין אמת איז געוויס דער אמת'ער, איין־איינציגער אמת, איז ממילא זענען אַלע, וואָס דענקען אַנדערש עהדער איך, אָדער פראים אָדער אונוויסענ־דע, אָדער מנובלים. איצטער מוזען מיר אָבער אויסטייטשען דעם וואָרט „אמת" גאָר אויף אַן אַנדער אופן. „אמת" איז דאָס, וואָס אַ מענש מוז דענקען, לויט דער טבע פון זיין שכל און לויט די בעדינגונגען, וואָס בע־שטימען די ארבייט פון זיין מאַרך.

איך זאָג בפירוש: וואָס ער מוז דענקען, ווייל ניט אַלץ, וואָס אַ מענש דענקט און אין וואָס ער גלויבט, איז אַ „מוז" פאַר זיין נשמה און פאַר די בעדינגונגען, אין וועלכע זי געפינט זיך. דער מוח קאָן זיין אָנגע־פּיקט מיט געדאַנקען, וואָס זענען אריבערגענומען געוואָרען פון דער סביבה און וואָס פּאַסען זעהר וועניג צו דעם אייגענעם „איך". דער מענש ווערט סוף־כל־סוף אונצופרידען מיט זיי און ער הויבט אָן „זוכען דעם אמת". דער זוכען פונ'ם אמת איז אָבער ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דער זוכען פון יענעם „מוז", וואָס זאָל אין גאַנצען בעפרידיגען די טבע פון דעם אייגענעם „איך", וואָס לעבט אונטער בעשטימטע בעדינגונגען. זוכען דעם אמת הייסט אין לעצטער ליניע זוכען דעם אייגענעם „איך".

און היות עס זענען דאָ פערשיידענע מענשען מיט פערשיידענע „איך'ס", מיט פערשיידענע שכל'ס, וואָס ארבייטען אונטער פערשיידענע בעדינגונ־גען, מוזען ממילא זיין פערשיידענע אמת'ען, וואָס זענען אָבער גלייך בערעכטיגט. די אמת'ען פון אונזערע טאַטעס און זיידעס זענען דעריבער געווען אמת'ע, „איין־איינציגע" אמת'ען דערפאַר, ווייל זיי האָבען אויסגעדריקט דאָס, וואָס אונזערע טאַ־טעס האָבען געמוזט דענקען, לויט די בעדינגונגען, וועלכע האָבען בעשטימט די ארבייט פון זיין שכל. און אויף דעמזעלביגען סמך זענען אונ־זערע אמת'ען אַבסאָלוט ריכטיגע אמת'ען פאַר אונז, און די אמת'ען פון אונזערע קינדער וועלען זיין אַבסאָלוט ריכטיגע אמת'ען פאַר זיי.

אַ גאַנצע נייע וויסענשאַפט, די ערקענטניס טהעאָריע,

האָט אויסצופאָרשען — און בעשעפטיגט זיך דערמיט זעהר געשמאַק — אונטער וועלכע בעדינגונגען מענשען מוזען דענקען גלייך, — ווי צ. ב. אין דער מאַטעמאַטיק און אַ געוויסען טייל פון דער נאַטור־וויסענשאַפט, און וואו עס מוז על פּי נויטווענדיגקייט אויפהערען די גלייכהייט פון די מענשליכע געדאַנקען.

זי, אַט די דאָזיגע וויסענשאַפט דאַרף איצטער — נאָך מיין מיינונג נאָך — ווערן דער פונדאַמענט פון דער נייער אויפקלעהרונג, ווי די נאַטור־וויסענשאַפט איז געווען דער פונדאַמענט פון דער אַלטער. ניט אַזוי אין דער מיטטיילונג פון די נייע אמת'ען דאַרף בעשטעהן די הויפּט־אויפגאַבע פון דער אויפקלעהרונג, — דערמיט דאַרף זיך בעשעפטיגען די פאָלקס־ב י ל ד ו נ ג, — ווי אין דער בעפרייאונג פון דער מענשליכער נשמה, אין דער ענטוויקעלונג פון דעם גייסט פון זעלבסטשטענדיגקייט און קריטיק, זי זאָל אַ ל י י ן קאָנען זוכען איהר אייגענעם „איך“, איהר אייגענעם „מוז“, וואָס וועט פאַר אַ י ה ר זיין דער לעצטער אבסאָלוטער אמת.

רייך און טיעף זענען די רעזולטאַטען פון דער מאָדערנער ערקענטניס־טהעאָריע. גאַנץ נייע גאַרבען פון ליכט וואַרפען זיי כמעט אויף אַלע פּראָב־לעמען פון דעם מענשליכען לעבען, דער עיקר אויף די נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און רעליגיעז־פילאָסאָפישע. אָבער רעדען וועגען זיי הייסט שוין איבערגעהן צו דער אַרבייט פון דער נייער „אויפקלעהרונג“, וואָס קאָן ניט פערלאַנגט ווערן פון אונז אין די גרענעצען פון אונזער היינטיגען אַרטיקעל.

אויף איין זאַך ווילען מיר נאָך, צום שלום, אָנווייזען. די ערקענטניס־טהעאָריע וואָס מאַכט אונז בעסער בעקאַנט מיט דער טבע און די פאָרדערונ־גען פון דעם מענשענ'ס שכל, עהדער דאָס קאָן טהאָן „די פיזיאָלאָגיע פון דעם מענשליכען מאַרך“, לערנט אונז, אַז ניט נאָר אין דעם זוכען דעם אמת בעשטעהט די עובדא פון דעם מענשליכען שכל, נאָר אויך אין דער ליע־בע צו שעהנקייט, דער פאָרדערונג פון יושר און דער בענקשאַפט נאָך אונ־ענדליכקייט און הייליגקייט. בעשרייבענדיג קלאָהר די גרענעצען פון דער נאַטור־וויסענשאַפטליכער ערקענטניס, רייניגט זי אָב פאַר דעם מענשען אַ פרייען פּלאַץ הינטער יענע גרענעצען, אַן אונענדליכען פּלאַץ, וואו די עטישע עסטעטישע און רעליגיעזע אידעאַלען פון דעם מענשענ'ס נשמה קאָנען אויס־לעבען זייערע יאָהרען, פון קיינעם ניט געשטערט...



דר. א. גינזבורג.

# די אידישע אגדות

(א רעצענזיע).

ווילסטו דעם אידישען פאָלק ערקענען — לערן די אגדה.

ווילסטו פערשטעהן די טיעפעניסען פון דער אידישער נשמה, זיינע פערבאָרגענסטע געמיהטס־צושטענדע, ווילסטו דעם אידישען פאָלקס־געניוס פערשטעהן, זיין בייענקענים נאָך דער פערגאנגענהייט, זיינע האָפנונגען אויף דער צוקונפט, זיינע שטרעבונגען אין דער געגענווארט, ווילסטו דאָס אַלעס פערשטעהן — לערן די אגדה.

עס איז ניטאָ קיין צווייג פון מענשליכען לעבען, קיין זאַך פון מענשליכען אינטערעס, וואָס די אגדה זאָל ניט האָבען בעריהרט, מיט וואָס די אגדה זאָל זיך ניט האָבען געהאט בעשעפטיגט. די אויביגע פראגען וועגען גאָטהייט, וועגען דעם תכלית פון דער שעפּפונג, וועגען דעם פּלאַטץ פון דעם מענשען אין דער נאַטור, וועגען אמת און יושר, רעכט און גערעכטיגקייט ווער'ען בעהאַנדעלט צוזאַמען מיט די וועניגער פערוויקעלטע, אָבער ניט וועניגער וויכטיגע פראַגען וועגען די בעציהונגען פון מענשען צום מענשען, וועגען פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגען. און די אגדה האָט אויף דעם אַלעם איהר וואָרט צו זאָגען, א וואָרט וועלכער איז אפשר ניט אַלע מאָל אזוי טיעף און געדאַנקען רייך ווי מאַנכע פון די גריכישע פילאָזאָפען, אָבער וועלכער איז שטענדיג טרייסטענד, צאַרט־פיהלענד און מענשליך; שטענדיג פול מיט ליעבשאַפט און האַרציגקייט, דורכגעזאַפּט מיט מענשליכען צער און מענשליכען אינטערעס; א וואָרט וועלכער איז על פי רוב אויך שעהן אין דער פאָרמע.

די אגדה דאָס איז איינע פון די שעהנסטע פּראָדוקטען פון דער שאַפונגס קראַפט פון דעם אידישען פאָלק, פון זיינע גרויסע און זיינע קליינע, פון דעם געלעהרטען דיינקער אין בית המדרש און דעם פשוט'ען פאָלקס־מענשען אויפ'ן גאַס.

די אגדה דאָס איז יענער ליטעראַרישער אוצר, וואו עס איז אריינגענר־מען געוואָרען אַלץ, וואָס דער אידישער מוח און דאָס אידישע הארץ האָט דורכגעטראַכט און דורכגעפיהלט אין דעם משך פון פיעלע יאָהר־הונדערטע. פיעל איז דערפון פערלאָרען געגאַנגען, פיעל איז פערגרייזט געוואָרען, אָבער פיעל איז אויך געבליבען, וואָס איז פון דער העכסטער ליטעראַרישער ווערטה.

די אגדה דאָס איז א פּאָרזעטצונג, א ווייטערע ענטוויקלונג, פון דער גרויסער ארבייט פון די נביאים. דאָס איז א בנין אויף א בנין, צו דעם זעלבען צוועק און תכלית, מיט די זעלבע גרונד־שטיינער, אָבוואָהל די פאָרמען און די ארכיטעקטור זיינען אַנדערע.

די אגדה דאָס איז א פּראָדוקט פון דעם אידישען פּאָלק, ווען ער איז שוין געווען רייף אין יאָהרען און זאט אין ערפאַהרונגען, אין ביטערע און ענמיי־

שענדע ערפאַהרונגען, וועלכע זיינען אָבער דאָך ניט געווען ביכולת אין גאַנ־צען צו פערשטיקען דעם לעבענס־לוסט און לעבענס־דורסט פון דעם פאָלק. עס איז אמת, אין די אגדות איז שוין מעהר ניטאָ יענער ברויזענדער און שטור־רעמדיגער דראַנג צום לעבען, יענע שטאַרקע, במעט ווילדע, ליידענשאַפטען, וועלכע מ׳געפינט אין געוויסע טיילען פון דער ביבעל, דער פּראָדוקט פון דעם פאָלקס יוגענד. עס זיינען מעהר ניטאָ קיין איובס, קיין חבקוקס און קיין ירמיהוס, וועלכע פּראָטעסטירען חוצפה׳דיג געגען די אונגערעכטיגקייטען פון דעם כביכול גופא, וועלכע וואַגען צו רופען איהם אַליין צו בית־דין פאַר וואָס ער האָט געמאַכט די מענשען ווי פיש אין ים, וואָס שלינגען איינע די אנדערע; פאַר וואָס גערעכטיגקייט הערשט ניט; פאַר וואָס שקר און חנופה טריאומ־פירען. דיעזע יוגענדליכע, מען קען זאָגען אינגעלשע, עמפּערונג געגען דעם סדר העולם איז אין דער אגדה פערוואַנדעלט געוואָרען אין יענעם שטילען אָבער טיפען טרויער, אין יענעם צאַרטען וועה פון דעם גרויסען וועלט־שמערץ וועלכען דער בעיאָהרענטער מענש פאַנגט אָן צו פיהלען, ווען ער ווייס שוין, אַז אומזיסט זיינען די פּראָטעסטען...

אויך זיינען דאָרטען מעהר ניטאָ יענע איבערטריבענע יוגענדליכע האָפ־נונגען וועגען אַ נאָהנטער גאָלדענער צוקונפט, ווי מען געפינט עס ביי אַ מיכה אָדער ביי די ישעיה׳ס — צו ביטער איז געווען דאָסווירקליכע, צו גרוי־זאַם דאָס אַלטעגליכע לעבען. האָפנונגען זיינען דאָ, אָהן דיעזען באַלזאַם קען דאָס מענשליכע הארץ ניט אויסקומען, אָבער זיי טראָגען שוין אַ מיסטישען כאַראַקטער. דאָס זיינען האָפנונגען טראָץ און געגען דער ווירקליכקייט, האָפ־נונגען, וועלכע דאַרפען און קענען ערפילט ווערען נאַר על פי נס...

און פונקט ווי דער בעיאָהרענטער מענש ביינקט נאָך זיין יוגענד און פערטראַכט זיך מיט טרויער און ליעבשאַפט וועגען די טעג וואָס וועלען זיך מעהר ניט ווידערקעהרען, אזוי בעשעפטיגט זיך אויך די אגדה מיט אַלעם וואָס האָט פּאַסירט מיט דעם פאָלק אין זיינע יונגע יאָהרען. אַלעס איז וויכ־טיג; קיין קלייניגקייט ווערט ניט אַרויסגעלאָזען — אַלעס איז פון טיעפסטער בעדייטונג. דאָס פאָלק לעבט נאָך אַמאָל דורך זיינע יונגע יאָהרען אין דער אגדה, אָבער ניט בולט׳ער, פאַרבען־רייכער ווי דאָס איז געווען אין דער ווירקליכקייט. עס פרעהט זיך מיט זייערע שמחות, און עס פערגיסט טרערען מיט זייער טרויער. די אבות, די אמהות, יציאת מצרים, משה רבינו, די וואַנ־דערונגען אין דעם מדבר, די נביאים, די פאָלקס־העלדען, די גרויסע לייט — דאָס זיינען די טהעמאַס פון דער אגדה. זיי ווערען פון דאָס נייע צום לעבען אַרויסגערופען, די פערשטאָרבענע פאָלקס העלדען, און זיי שטעהען אויף תחית המתים אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע אין רייכערע און אין העלערע פאַרבען. און גאַנץ אָפט פּאַסירט עס, דאָס ווען דער געלעהרטער אָדער פּאָעט וויל אויס־דריקען זיינע געדאַנקען, אויסגיסען זיינע געפיהלען, טהוט ער אריין זיינע ווערטער אין די מיילער פון זיינע בעליעבטע העלדען. זיי, זיינע אייגענע גע־דאַנקען און געפיהלען, קומען איהם דאַמאָלס אויס ליעבער און שעהנער.

אָבער דאָס איז בלויז איין טהייל פון דער אגדה. אין דער אגדה קומען

אַריין ניט בלויז זאָגען און לעגענדען, נאָר זי איז אויך כולל מעטאַפיזישע און טעאָלאָגישע אָבהאַנדלונגען, עטהישע לעהרען, אַפאָריזמען, עפּיגראַמען, משלים און שפּריכווערטער. אין די לעצטע געפינט זיך אַ גאַנצער אוצר פון פאָלקס־וויץ, פון הומאָר און פון בייסענדער סאַטירע, אין וועלכע דאָס אידישע פאָלק מאַכט גאַנץ אָפט חוזק פון זיך אַליין.

פאַר אונז, די „בני־זקונים“ פון דעם אַלט־יונגען אידישען פאָלק, איז די אגדה אין פיעלע הינזיכטען נעהנטער און פערשטענדליכער ווי די ביבעל, שוין דערפאַר אַליין וואָס זי איז אַ פּראָדוקט פון אַ שפּעטערער צייט, פון אַ צייט וואָס איז נעהנטער צו אונז. מיר קענען זיך בעסער אריינטראַכטען אין דעם געדאַנקען־גאַנג פון די בעלי האגדה, אין זייער גאַנצער וועלט־אַנשויאונג, אין זייערע שטרעבונגען און האָפנונגען און אין זייער גאַנצען אַרט לעבען. צו ווייט און צו העלדען־מעסיג איז פאַר אונז די ביבלישע עפּאָכע, ווענינגסטענס אַ גע־ויסער טהייל פון איהר.

לײדער איז די אגדה די לעצטע צייט געווען אַ מין „ספר־החתום“, אַ פער־חתמעט בוך, פאַר דעם גרויסען רוב פון דעם אידישען פאָלק. איבער צעהנד־ליגע ספרים, אין די ביידע תלמודים, אין די פערשיעדענע מדרשים און תרגומים, זיינען זיי געווען צוזאַמענגעוואָרפען אָהן אַ סדר און אָהן אַ טאָלק. זעהר ווענינגע פון פאָלק האָבען געהאַט צוטריט צו די דאָזיגע ספרים, וועלכע זיינען געשריבען אין אַ לשון, וואָס דער גרויסער עולם פערשטעהט לײדער ניט. דערצו האָט מען געדאַרפט זיין אַ גרויסער למדן. אָבער אויך די גרויסע לומדים און אונזער יוגענד אין די ישיבות, וועלכע האָבען שוין יע געשטו־דירט דעם תלמוד, האָבען ניט געוואוסט ווי אָבצושעטצען די אגדה און האָ־בען זיך מיט איהר גאַנץ ווייניג אָבגעגעבען. פאַר זיי איז געווען דער עיקר די פּלפּולים וועגען דער  ה ל כ ה.

נאָך ערגער האָבען עס אָבער געמאַכט די משכילים און אַפּיקורסים פון דעם פערגאַנגענעם יאהרהונדערט. דאָס זיינען געווען טרוקענע מענשען, וואָס צוליעב זייער פּערקאָכטקייט אין דער מלחמה געגען „דער פינסטערנים“ האָבען זיי ניט געקענט איינזעהן די שעהנקייטען וואָס געפינען זיך אין דער אגדה. מאַנכע פון די דאָזיגע משכילים האָבען געפּרובירט פערענטפערען די אגדות, שרייבען אַפּאָלאָגעטישע פּירושים. דערמיט האָבען זיי געמאַכט נאָך ערגער: שעהנע פּערל האָבען זיי אין נוצלאָזען שטויב צומאָלען.

שמאָל האָט עס געהאַלטען מיט דער אגדה. עס איז שיער ניט געקומען דערצו, אַז די אידישע אגדה זאָל אין גאַנצען פערגעסען ווערען, ביז עס זיי־נען געקומען  ב י אַ ל י ק  און  ר אַ ב נ י צ ק י  און האָבען איהר צוריק אַראָבגעבראַכט צום פאָלק. פאַר זיי זיינען שוין אויך געמאַכט געוואָרען פּראָ־בען צו מאַכען די אגדה צוגיינגליכער צום פאָלק. אין העברעאישען האָבען עס געטהאָן די הערען יעב״ץ און לבנר. אָבער דאָס זיינען גיכער געווען פרייע איבערזעטצונגען. די מחברים האָבען זיך ערלויבט צו מאַכען ענדערונ־גען, אויסבעסערונגען, ווי זיי האָבען געמיינט, האָבען ניט געברויכט דעם זעלבען סטיל, און די אגדה האָט דורכדעם פערלאָרען פיעל פון איהר אָרי־

גינעלען הן און ניט ווענינ פון איהר אינהאלט. די ערסטע וועלכע האָבען געמאכט א פאָלשטענדיגע און א פאָלקאָמענע ארבייט זיינען די הערדען ביא־ליק און ראבניצקי אין זייער קאָלאָסאלען ווערק אין העברייאישען — דער „ספר האגדה“. נאָר דער יעניגער, וועלכער איז מעהר אָדער ווענינער געוועזען בעקאנט מיט דער אגדה אין איהר ערסטען קוואל, קען וויסען ווי אָבצו־שאטצען זייער גרויסע ארבייט, קען ווערען נתפעל פון דעם וואונדער וואָס זיי האָבען בעוויזען, איבערצוגיסען דאָס אלטע ווין אין נייע פעסער, אָהנע דער־ביי א טראָפען צו פערגיסען.

צום אונגליק איז אָבער דער „ספר האגדה“ אויך ניט צוגענגליך פאר'ן גרויסען עולם. וואָס פאר א מיינונגען איינער זאָל ניט האָבען וועגען העב־רעאיש און אידיש, וועלכע פון זיי איז אונזער נאציאָנאלע שפראך און אפשר זיינען זיי עס ביידע, איינס איז זיכער, דער גרויסער רוב פון אידישען פאָלק רעדט און טראכט אידיש, דער גרויסער רוב פון איהם פערשטעהט ליידער קיין העברעאיש ניט. פאר'ן גרויסען פאָלק איז דאָס וואונדערבארע „ספר האגדה“ פון ביאליק און ראבניצקי נאָך אלץ א פער'חתמ'עט בוך.

דאָס האָבען א פנים די ווערטהע מחברים אליין איינגעזעהען און זיי האָבען בעשלאָסען דעם ספר האגדה אליין איבערצוזעטצען אין אידיש. „נאָך דעם“, ערקלערען זיי אין זייער פאָרוואָרט, „ווי זיי האָבען אָפגעגעבען העכער זעקס יאָהר שווערע מיה אויף זאמלען און גרופירען אלע בעסטע אידישע אגדות פון תלמוד און אלערליי מדרשים פאר דעם גרויסען ספר האגדה, וואָס איז ערשיענען אין העברעאיש אין זעקס טהייל און האָט געהאט גרויס ערפאָלג, — האָבען זיי אונטערגענומען די נייע אויסגאבע פון די זעלבע אגדות אין דעם זעלבען סדר, מיט קליינע ענדערונגען, אויך אין אידיש, כדי דערמיט צו מאכען צוגענגליך דעם טייערען פאָלקס־שאץ פאר יעדען אידען, פאר'ן גאנצען פאָלק“.

און אָט ליעגט פאר אונז דער ערסטער טהייל פון „די אידישע אגדות אין אידעש“. איהר שטעהט און קוקט און עס ווילט זיך אייך קוים אייערע אייגענע אויגען גלויבען. איהר לעזט, און אייך דוכט זיך, אז איהר האָט דעם מדרש און דעם תלמוד אין דעם אָריגינאל פאר אייערע אויגען. איהר ווייסט ניט אויף וואָס זיך פריהער צו חדוש'ען, צי אויף דער לייכטקייט, מיט וועל־כער זיי איז געלונגען איבערצוגעבען ניט בלויז דעם אינהאלט נאָר אויך די פאָרם און דעם סטיל פון דער אגדה, צו אויף די רייכקייט און איינפאכקייט פון זייער אידעש. איהר זעהט גלייך, אז עס איז ניט קיין בעריהמעריי, ווען די הה' ביאליק און ראבניצקי פערזיכערען אונז אז:

„די איבערזעטצונג איז אויסגעפיהרט געוואָרען מיט דער פאָרזיכטיגקייט און דעם ערנסט, וואָס אזא פעראנטוואָרטליכע ארבייט פערדיענט. אלטע און בפרט פאָלקסטימליכע שעפּפונגען, ווי קלאסיש און שאצבאר זיי זאָלען ניט זיין, זיינען דאָך צו מייסטען פרימיטיוו מצד דער פאָרם, סטיל אָדער אינ־האלט, און איבערגעדיכטעטע פון דאָס ניי אין אן אנדער שפראך, איז גאנץ לייכט איבערצוטרעטען דעם זעהר שמאָלען גרענעץ, וואָס טיילט אָפּ דאָס דער־

הויבענע פון דעם געמיינעם, דאס נאאיווע פון דעם לעכערליכען, דאס אייגענארטיגע פון דעם ווילד־פרעמדען".

דא בעט זיך צו ברייגנען מאנכע פון די איבערזעצטע אגדות, אום מיט זיי צו אילוסטרירען ווי פינקטליך און געוויסענהאפט די רעדאקטערע זיינען געווען, און וואס פאר א וואונדער־שעהנע פערל מיר האבען אין די אידישע אגדות. אבער ווען ס'איז געקומען צום אויסקלייבען האבען מיר זיך געפונען אין א פערלעגענהייט: וועלכע זאל מען אויסקלייבען ווען זיי זיינען אלע אזוי שעהן. ביי אונז איז געבליבען גאר ניט צו ציטירען און בלויז ערנסט צו ראטהען אונזערע לעזער: קויפט זיך איין דעם אוצר און לעזט אליין. און די עצה איז גילטיג ניט בלויז פאר דעם דורכשניט־לעזער, נאר אויך פאר דעם אידישען אינטעליגענט און שרייבער, וועלכער פערשטעהט ניט גענוג העברייאיש צו קענען לעזען דעם ספר האגדה.

וואס אנבעלאנגט צו דער אידיש און העברעאיש פראגע, קען מען מיט זיכערהייט זאגען, אז אזעלכע ווערק ווי די „אידישע אגדות" זיינען בלויז מסוגל צו ערוועקען ליעבע און אכטונג צו אונזער אלטער נאציאנאלער שפראך, אין וועלכע עס געפינען זיך אזעלכע אוצרות. אין דיעזען הינזיכט געווינט דערפון ניט בלויז אידעש נאר אויך, און אפשר מעהר, העברייאיש.

**ל. עלבע.**

# ווי זאלען מיר שרייבען אידיש אין אמעריקא

פיעלע פון אונזערע שרייבער דא אין אמעריקא האבען א חשק צו רייניגען אונזער אידיש, דאס הייסט, פעריאגען פון אונזער שפראך די אלע ווערטער, וואס האבען זיך צו איהר אריינגעכאפט פון „סטריט".

קענען מיר זיך אבער אבהיטען פון דער „סטריט" און דארפען מיר עס גאר טהאן?

מיר ווילען ניט רעדען פון די לאקאלע, רייז־טעכנישע אויסדריקע, פאר וועלכע מיר האבען פון דער אלטער היים ניט געבראכט קיין ווערטער, און דארום מוז דאס „טענעמענט־הויז" בלייבען א טענעמענט־הויז, דער „אפערייטאר" — אן אפערייטאר, דער „שאפ" — א שאפ, דער „פושקארט" — א פושקארט, דער „סטענד" — א סטענד, און אפילו דער „קלאוק־מאכער" — א קלאוק־מאכער און ניט קיין מאנטעל־נעהער, ווי די פוריסטען, אדער די טהרת־הלשון'יקעס, וואלטען מעגליך פון איהם געוואלט מאכען. אויף אזעלכע און ענהליכע ווערטער האט שוין די „סטריט" פון לאנג א חזקה, און איהר מוזט סיידען אוועקגעהן אין גאנצען פון דעם היעגען אידישען לעבען, אום צו פערבייטען זיי מיט אנדערע, מיט „אידישערע" ווערטער.

עס זיינען אבער דא א סך אנדערע ווערטער פון דער „סטריט", אמערי־

קאַניזמען, ווי מען זאָל עס אָנרופען, וועלכע מען וואָלט גרייליך געקענט אויס־מיידען, נאָר אפילו אויך אין אזא פאַל איז עס ניט ווינשענסווערטה און ניט נויטיג. מיר ווילען, אסור, א טובה טהאָן דערמיט אונזער שפּראַך, וועלכע האָלט זיך ערשט אין ענטוויקלען, אין רייכער ווערען.

נעהמט, צום ביישפּיעל, דאָס וואָרט „פערבאַטשען“, וואָס דער היגער איד האָט גענומען פון דעם ענגלישען „באַטש“ — מאַכען עפּיס טאַנדעט, קאַליע מאַכען. ווען איהר זאָגט אלזאָ: „ער האָט דאָס פערבאַטשט“, איז עס פּיעל שטאַרקער, ווי אז איהר זאָגט: „ער האָט עס געמאַכט טאַנדעט“. דער אויסדרוק „האָבען א גוד טאַים“, פאַר וועלכען אונזערע פּוריסטען ווילען זיך געוויס דערשרעקען, זאָגט פּיעל מעהר, ווי דאָס היימישע וואָרט „הוליען“, אויב מען קען עס דערמיט פערבייטען. „צובוטשערן“ גיט איבער דעם היעגען אידען א שטאַרקערעס און שרעקליכערעס בילד, ווי „מאַכען תחת חרב“. אז איהר זאָגט איהם „צובוטשערן“, זעהט ער עס טאַקי גלייך פאַר די אויגען. ווער רעדט, אויף דעם אידען, וועלכער איז ווייט פון העברעאיש, מאַכט אויף איהם דער אויסדרוק „מאַכען תחת חרב“ כמעט קיין שום איינדרוק ניט. אין דער אַלטער היים (מיר דוכט, אז נאָר אין דער ליטאָ) זאָגט דער המון טאַקי בעסער „שעטקעווען, ווי אין קרויט“, אן אויסדרוק, וועלכער איז פאַר איהם מעהר בולט און שרעקליכער, ווי „מאַכען תחת חרב“. אָבער דאָ אין אַמעריקאָ איז שוין גלייכער „צובוטשערן“ איידער „שעטקעווען“, א וואָרט, וואָס קלינגט דאָ זעהר פרעמד, בפרט נאָך, אז דער פּראַצעס פון „שעטקעווען קרויט“ קומט דאָ ניט פאָר אין די הייזער, אזוי ווי אין דער אַלטער היים, און די קינדער, וועמען מיר ווילען איבערגעבען אונזער שפּראַך, זעהען עס ניט פאַר די אויגען.

געוויסע אַמעריקאַניזמען זיינען פאַראַן אין דעם היעגען אידיש, וועלכע קומען אוים פּיעל חנ׳עווידיגער, אזוי צו זאָגען, אָדער איידעלער, איידער די ענטשפּרעכענדע היימישע ווערטער. אזוי איז, צום ביישפּיעל, דאָס וואָרט „פליין“ אין די אויסדריקע: „פליין גערעדט“ (פּראָסט גערעדט), „פליינע דבורים“ (פּראָסטע דבורים). אַנדערע אַמעריקאַניזמען כאַראַקטעריזירען פאַר אייך עפּיס אָדער דערוועקען אין אייך דעם חוש פון הומאָר. א צילינדער־הוט, צום ביישפּיעל, קען טראָגען יעדער בשר ודם, אויב ער האָט נאָר געלד און ער קריעכט אין די „הויכע פענסטער“. דאָך ווען איהר דערמאָהנט דאָס וואָרט „סטאָוו־פּאַיפּ“, אזוי גיט איהר גלייך א טראַכט פון א „רעוורענד“, און ניט ווילענדיג גיט זיך אייך א שמייכעל. איהר זאָגט: „די נעקסט־דאָריגע“, און אייך שטעלט זיך פאַר א שכנה, וועלכע האָט ליעב אריינצוקוקען צו אייך אין טעפּעל, אָדער דרעהט זיך גלאַט אונטער אייערע פים. אן „אָל־רייטניק“ — א טיפּ פון אן אויפגעקומענעם גביר, וועלכער וויל זיך מאַכען פאַר א גאַנצען יענקי. אזא וואָרט, ווי „האָרי־האָפּ“ גיט אייך א גאַנצעס בילד פון דעם היע־גען הו־הא, האַוועניש, אייביגע איילעניש, וואָס איהר מוזט אַלץ לויפען, כאַ־פּען, אז ניט נאָר א „טריין“ מוזט איהר „קעטשען“, אפילו א „קאָלד“ מוזט איהר אויך „קעטשען“, און ניט פליין פערקיהלען זיך, ווי אין דער אַלטער

היים. דאָס זעלבע איז „ביזי“ מעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר'ן אַמעריקאַנער לעבען, ווי די ווערטער „פערנומען“ אָדער „בעשעפטיגט“.

און ווען מען זאָגט און מען שרייבט אין רוסלאַנד אויף דער אידישער גאַס „דיעלאָ“, טו פאַר וואָס זשע זאָלען מיר דאָ ניט זאָגען און ניט שרייבען „קיים“? און פאַרוואָס זאָל אַ „סליעדאָוואַטעל“ דאָ ניט זיין „קאָראָנער“, אַ „פריקאַזטשיק“ — „סיילסמאַן“, אַ „זאַוואָד“ — „פעקטאָרי“, אַ „דוואָרניק“— „דזשעניטאָר“, „מאַראָזשענע“ — „אייז־קרים“, „דאַטשע“ — „קאונטרי“, אַ „קאַנטאָר“ — „אָפיס“ א. ז. וו.? דער פערברענטסטער פוריסט וועט דאָך ניט זאָגען, אַז מיר זאָלען גאָר טראַכטען וועגען געברויכען דאָ אַזעלכע ווערטער, ווי „דיעלאָ“, „סליעדאָוואַטעל“ א. ז. וו., ניט נאָר צוליעב דעם, וואָס אונזערע קינדער און אונזערע איינגעוואַנדערטע ברידער פון רומעניען און גאַליציען וועלען זיי ניט פערשטעהן, נאָר ווייל זיי זיינען אויך אבסאָלוט פרעמד צו דעם היעגען לעבען. וועט איהר זאָגען, אַז מיר זאָלען זיך האַלטען אָן דעם מקור פון אונזער שפּראַך — אָן דייטש, און נעהמען פאַר די אַלע נעמען פאַסענדע דייטשע ווערטער? זיינען מיר אָבער שוין לאַנג פון דייטשלאַנד. דייטשע ווערטער קלעפּען זיך שוין ניט אַזוי גוט צו צו אונזער שפּראַך. דאָס דייטשע וואָרט פיהלט זיך ניט אַזוי בעקוועם אין אונזער שפּראַך.

מען וועט אונז אָנווייזען אויף די היעגע דייטשען, מיר זאָלען פון זיי נעהמען אַ ביישפּיעל: פאַר וואָס אַמעריקאַניזירען דאָ ניט די דייטשען זייער שפּראַך, און זייערע צייטונגען שרייבען אַלץ „האָכבאַהן“ און ניט „עלעווייטעד“, „טיעפבאַהן“ און ניט „סאָבוויי“ א. ז. וו.? אָבער ערשטענס, קענען מיר ניט זיין אַזוי נאַאיוו און פערגלייכען אונזער יונגע און אָרעמע שפּראַך צו דער אַלטער און רייכער דייטשער שפּראַך, וועלכע האָט אַ לאַנד מיט טראַדיציאָנען פון דורי־דורות. און צווייטענס (צו קיין גנאי זאָל עס אונז ניט זיין!), זיינען די דייטשען טאַקי אַ קולטורעלערעס פאָלק, ווי מיר, אידען, און ווען איהר זאָגט אַ דייטש: „טיעפבאַהן“, פערשטעהט ער שוין, אַז דאָס מיינט מען די סאָבוויי, און אַ איד פון דער ליטאַ, פוילען אָדער גאַליציען וועט טאַקי ניט פערשטעהן וואָס „טיעפבאַהן“ איז, כאָטש ער וויים אי וואָס „טיעף“ איז, אי וואָס „באַהן“ איז. אויסער דעם וועט איהם דאָס וואָרט „טיעפבאַהן“ גלאַט קלינגען פרעמד. ער האָט דעם „סאָבוויי“ צום ערשטען מאָל דערזעהן אין אַמעריקאַ, און מען האָט איהם געזאָגט, אַז דאָס איז אַ „סאָבוויי“ און ניט קיין אַנדער זאַך.

דער חשק און טאַקי אויך די נויטווענדיגקייט צו ווערען וואָס גיכער אויס „גרינער“ — אַ מין קין־צייכען אין דיעזען לאַנד — האָט געטריעבען דעם אידען דאָ אין אַמעריקאַ אריינצונעהמען אין זיין אידיש וואָס מעהר ענגלישע ווערטער. דערפאַר האָט ער אפילו פון אַ „קצב“ געמאַכט אַ „בוטשער“, פון אַ „קרעמער“ — אַ „סטאָר־קיפּער“, פון אַן „אדוואָקאַט“ — אַ „לאָיער“, פון אַ „טיש“ — אַ „טייבל“, פון אַ „שטוהל“ — אַ „טשער“, און ער געהט „נעהמען אַ שייוו“ אַנשטאַט „גאָלען זיך“, און אפילו פון „געהן“ וויל ער שוין אויך ניט וויסען, נאָר פון „וואָקען“. איהר קענט איהם דערפאַר ניט

„בלײמען", װײל פון אַ גרינעם „גלײכט" מען דאָ צו מאַכען „פּאַן", און איהם איז אויך שװערער צו קריעגען אַ „דזשאָב", און װען ער קריעגט שוין יאָ אַ „דזשאָב", װעט ער ניט קריעגען פון „באָס" קײן „שאָו", און מען װעט איהם „סאַקען" און עקספּלואַטירען אויף װאָס די װעלט שטעהט. אפילו ביי אַ מײ־דעל װעט אויך אַ „געלער" קריעגען גיכער אַ „שאָו" אײדער אַ „גרינער" און זי װעט גיכער מיט איהם, דאָס הײסט מיט'ן „געלען", געהן אין „טיאַײטער" זעהן אַ „פּלעי". דאָס איז ניט קײן װיץ, נאָר אַ ביטערער אמת, די ביטערע װירקליכקײט, און עס איז ניטאָ פון דעם, װאָס צו לאַכען, פּונקט װי מען לאַכט אין דער אַלטער הײם פון דעם „חצי דײטש, פּאָלאָװינאַ רײסיש".

זאָלען אָבער אויך די אידישע שרײבער דאָ אין אמעריקאַ אַננעהמען די אַלע ענגלישע װערטער, װאָס מען הערט דאָ אויף דער אידישער גאַס אויף שריט און טריט? פערשטעהט זיך, אַז ניט. דער אידישער שרײבער דאַרף ניט געברויכען „טשער" אַנשטאָט „שטוהל", אָבער ער מעג שרײבען: „פּיה־רען דעם טשער", װען עס האַנדעלט זיך װעגען דעם פּאַרזיצענדען אויף אַ פערזאַמלונג. מען מעג אויך שרײבען: „מאַכען צו מופּען", אַן אויסדרוק, װעלכער גיט דעם לאָקאַלען פאַרב פון דעם בילד. מען מעג אפילו געברויכען דאָס װאָרט „באַי", טאַקי בלויז צוליעב דעם, װאָס דיעזעס װאָרט איז זעהר פּאָפּולער דאָ אויף דער אידישער גאַס. מען מעג זיך דערײן פערלאָזען אויפ'ן געשמאַק (אָדער קאַפּריז, אויב איהר װילט) פון פאָלק, װאָס האָט דוקא פון אַ „בחור" געמאַכט אַ „באַי" און ניט פון אַ „מײדעל" — „גורל". דאָס איז אונפערשטענדליך, אָבער אַזוי איז עס.

דער אידישער שרײבער, װעמען עס איז נאָר טײער די אידישע שפּראַך און װעלכער זאָרגט פאַר איהר קיום און ענטװיקלונג, דאַרף האָבען אַ חוש, צו פיהלען, װעלכע װערטער ער קען דאָ נעהמען פון דער אידישער גאַס און װעלכע ניט. ער דאַרף ניט נעהמען „מן כל הבא בידו", נאָר ער דאַרף זיפּען און קלײבען און העלפען דער ענטװיקלונג פון דער אידישער שפּראַך; ניט אײנצאַהמען זי אין איהר אָרימען הײמישען װאָקאַבולאַר, אין די ד' אמות פון ליטאַ, פּױלען, רומעניען אָדער גאַליציען, נאָר רײכער מאַכען זי מיט װער־טער און אויסדריקע. ער דאַרף אָבער די װערטער און די אויסדריקע ניט אויס־טראַכטען אַלײן פון קאָפּ, אָדער מאַכען זײ אויף דעם שטײנער, װי אונזערע מאָדערנע העברעאישע שרײבער מאַכען נײע העברעאישע װערטער. ער קען נעהמען די װערטער און אויסדריקע פאַרטיגע, פון פאָלק גופא. ער דאַרף זײ אָפּילו ניט צופּיעל פּאָלירען און אידישען, און זאָגט דאָס פּאָלק דאָ „פּריטיק־לע", דאַרף אויך דער אידישער שרײבער ניט זײן „פּריטיקלע", און אויך שרײ־בען „פּריטיקלע", ניט פּעררײכטען דעם „גרײז" און שרײבען װי אין ענגליש „פּאַרטיקולאַר". און אַזױ אויך „מופּען" און ניט „מואוװען", „רעגעלע" און ניט „רעגולאַר".

אײגענטליך, זײנען דאָס ניט קײן גרײזען. דאָס זײנען פרעמדע װערטער, װעלכע דאָס פּאָלק רעדט אַרױס אויף זײן אופן, לויט זײן געשמאַק, לויט די כללים פון זײן שפּראַך. דער ענגלענדער זאָגט „דעקלערײשאָן", און דער דײטש

זאָגט „דעקלאַראַציאָן“. מיר, אידען, האָבען גלאַט די טבע פון דעם ענגלענדער, צו נעהמען פרעמדע ווערטער און אויסרעדען זיי אזוי, אַז מען זאָל ניט דערקענען גאָר, אַז זיי זיינען פרעמדע. אַנדערע רופען דערפאַר אַן די אידישע שפּראַך „זשאַרגאָן“, ווייל זי איז ניט קיין „ריינע“ שפּראַך און זי כאַפּט און לאַפּט וואו זי קאָן נאָר. די ענגלישע שפּראַך אָבער האָט אויך גענוג אָנגעכאַפּט ביי פרעמדע שפּראַכען, און דאָך וועט קיינער ניט וואַגען צו זאָגען, אַז זי איז אַ „זשאַרגאָן“.

ניט די ווערטער אליין מאַכען אַ שפּראַך, נאָר אויך, און טאַקי הויפּטזעכליך, די אויסשפּראַך, די פאָרם, דער געבוי, די שאַטירונג, דער געברויך און די בעזונדערע כונה פון די ווערטער. דער היעגער איד געברויכט דאָס וואָרט „רעגעלע“, ניט אזוי ווי דער אַמעריקאַנער געברויכט דאָס וואָרט „רעגולאַר“. דער איד זאָגט: „אַ רעגעלע מאָנקי“, בעת דער אַמעריקאַנער זאָגט גאָר: „איי ריעל מאָנקי“. אין דיעזען פאַל האָט דאָס וואָרט „רעגולאַר“ געקראָגען ביים אידען אַן אַנדער פּנים ניט נאָר לויט דער אויסשפּראַך, נאָר אויך לויט דעם טייטש גופא. עס איז גאָר געוואָרען אַ נייע וואָרט. דער איד טהוט מיט די ענגלישע ווערטער, וועלכע ער האָט אַריינגענומען אין דער אידישער שפּראַך, וואָס ער וויל, ד. ה. וואָס זיין גראַמאַטיק (אמת, נאָך ניט קיין געשריבענע) הייסט איהם. אזוי האָט ער פון „באָי“ פּערקלענערט אויף „באָיטשיק“ און נאָך אַמאָל פערקלענערט אויף „באָיטשיקעל“. דאָס וואָרט „קעטש“ בויגט ער לויט די כללים פון זיין אייגענער גראַמאַטיק און ניט לויט די כללים פון דער ענגלישער גראַמאַטיק. ער זאָגט: קעטשען, געקעטשט. דער רבים פון „באָי“ איז ביי איהם „באָיעס“, און ניט „באָיס“, ווי אין ענגליש. אין רבים געברויכט דאָס רוב דער איד אַמאָל אַ סמך און אַ מאָל „ען“: מעסערס, טישען. אָבער דאָס וואָרט „סטריט“ זאָגט ער דאָ אין רבים, פּונקט ווי אויף צו להכעיס, „סטריטען“, און ניט „סטריטס“, ווי מען זאָגט אין ענגליש.

מיר טאָרען זיך ניט לאָזען אין גאַנצען הינרייסען פון דער גאַס און שרייבען אפילו „ווינדע“ אַנשטאַט „פענסטער“, אָבער מיר טאָרען זיך אויך ניט אָברייסען פון דער גאַס און פעריאָגען פון אונזער שפּראַך די אַלע ווערטער און אויסדריקע, וועלכע די אידען אין אַמעריקאַ האָבען גענומען ביי זייערע נייע שכנים, צוקייעט און פערדייהעט זיי און געמאַכט זיי פאַר אַן אייגענטום פון אונזער שפּראַך; די אַלע ווערטער און אויסדריקע, וועלכע זיינען ענג פערבונדען מיט'ן היעגען אידישען לעבען.

די אייניהייטליכקייט פון דער שפּראַך וועט ניט ליידען פון די אַמעריקאַניזמען, פּונקט ווי זי ליידט ניט פון די רוסיציזמען אין רוסלאַנד און פון די גערמאַניזמען אין גאַליציען. די נשמה פון דער שפּראַך בלייבט. די פאָרם פון דער שפּראַך בלייבט. דער איד אין רוסלאַנד אָדער דער איד אין גאַליציען פערשטעהט אונז בכלל, כאָטש מאַנכע ווערטער און אויסדריקע זיינען פאַר איהם נייע.



פּעטער אַלטענבערג.

# קליינע ערצעהלונגען

## אפּענהארציגקייט

— ווילסטו, אננא, איך זאָל זיך מיט דיר בעגעהן ווי א מאַן, וואָס מאַכט אונטערטהעניג חיות, און אָהן אויפהער דיך דורכדרינגען מיט א איינזיכטס־פולען בליק פון א חכם, דאָס וואָס שרעקט דיך און מאַכט דיך פירכטען? אָדער לאָמיר געהן האנד ביי האנד, ווי צוויי גלייכע?

— לאָמיר, טייערער, זיין אונטער דיין קלוגער מאַכט, ביז איך וועל מיך דערצו צוגרייטען. עס איז נאָך פאַרהאַן אין מיר פיעל בארבאַריזם, אונ־ערצויגענהייט...

און אָט האָט זי איינמאָל געזאָגט:

— איך האָב זיך שוין אויסגעמענשעלט... יעצט לאָמיר געהן האנד ביי האנד, ווי צוויי גלייכע!

דאַן האָט ער בעמערקט די ערשטע קנייטשען אויף איהר צאַרטען געזיכט און סימנים פון פערוועלקען...

## ליעבעס־סטראָפען

איך האָב דיך געזעהן, ווען דו האָסט מילד געשאָטען קערענדלעך פאַר די פויגעל,

איך האָב דיך געזעהן, ווען דו ביזט זאָרגפעלטיג אומגעגאַנגען ארום דיין אַלטען פאָטער,

איך האָב דיך געזעהן, ווען דו האָסט פערצייכענט אין בוך די הייליגע שורות,

איך האָב דיך געזעהן, ווען דו ביזט בלאַס געוואָרען אין דער געזעלשאַפט פון אונאַנשטענדיגע מענשען.

איך האָב געזעהן, ווי דו האָסט, נישט שעהמענדיג זיך, אָבגעדעקט דיינע אידעאַלע פיס,

איך האָב געזעהן, ווי דו האָסט זיך פערנייגט מיט דעם חשיבות'דיגען שטאָלץ פון א פּרינצעסין,

איך האָב געזעהן, ווי דו האָסט גערעדט, פּונקט ווי מיט א פריינד, מיט דיין געליעבטען פּאַפּאַגיי,

איך האָב געזעהן, ווי דו האָסט אויף אייביג איבערגעריסען מיט א מענ־שען צוליעב א קליינער אונטאַקטישער אויפפיהרונג...

איך האָב דיך געזעהן, ווען דו האָסט זיך געקוויקט מיט דעם ריח פון מאַלינעס,

איך האָב דיך געזעהן, ווען דו האָסט פערנומען די שטילקייט פון א זומערדיגען אבענד,

איך האָב דיך געזעהן, ווען דו ביזט געשטאַנען, אַ בעטריעבטע, פאַר די דונקעלע גאַז־לאַמטערנעס,

איך האָב געזעהן, ווי דו ביזט מיט יערען טאָג געוואַקסען, זיך גע לערענט,

איך האָב געזעהן, ווי דו האָסט געוועבט דיין לעבען, ווי אַ שפּין זיין מיסטישע געוועב....

איך האָב מיך אָבגערוקט, כדי דיר נישט צו שטערן.
נאָר ליעבען וועל איך דיך ,כל זמן איך וועל לעבען !

# די פּאַעטין

ער האָט נישט געגלויבט, אַז זי פיהלט צו איהם אַ אמת'ע גייסטליכע צוגעבונדענהייט. ער האָט געדיינקט, — ווייבערשע ראָמאַנטישע פנאַטאַזיעס, אַ נויטווענדיגקייט צו מאַכען סיטואַציעס, וואָס שטעהען אויסער דער אַלגעברא פון ערדישען... עטוואָס אונערוואַרטעטעס, נישט פאָרגעזעהענעס, נישט בערעכענטעס... איינפאַך, לויט איהר אייגענעם ווילען האָט זי זיך בעשאפען פון איהם אַ אידעאַל.

נאָך איינינע יאָהר פון אַ פערשיעדען דורכגעלעבטען לעבען, האָט זיך איהר איינמאָל פערגלוסט צו דערצעהלען אין פערזען, וואָס זי האָט אי־בערגעלעבט. אלע פערזען זענען געווען מיטעלע, נאָר יענע, וואו ס'האָט זיך גערעדט וועגען איהם, זענען געווען גבניאַלע — אויפגעדעקט אַזעלכע טיעפענישען, וואָס זענען אין ערגעץ נישט געווען — שטאַרקע, לויטערע, שאַרפע.

דאַן האָט ער געטראַכט : — ווייזט אויס, זי האָט מיך פאַרט געליעבט !
און ער האָט איהר דאָס אין איינינע טעג ארום געשריבען.
זי האָט געענטפערט :

„ניין, איך האָב דיך קיינמאָל נישט געליעבט, — פערקעהרט, איך בין געווען ליידענשאַפטליך צוגעבונדען צו אַנדערע. נאָר, זעהסטו וואָס, ס'איז אין דיר געווען אַן אַ ט אָ ם דערפון, וואָס איז מיין א י י ג ע נ ע ר, אויף אייביג א ו נ פ ע ר ו ו י ר ק ל י כ ט ע ר אידעאַל — קאָן זיין, אַז דאָס איז געלעגען אין דיינע אונגעהויער שעהנע הענד, קאָן זיין, אין דער גראַציע פון דיין גאַנג, אָדער אין דיינע אויגען, וואָס זענען פול גוטסקייט און אין דער זעלבער צייט שאַרפען פערשטאַנד.

„דיך האָב איך קיינמאָל נישט געליעבט, נאָר דו האָסט מיר דורך עפּעס אַ אונפערשטענדליכעס געגעבען אַ טייל פון יענעם אידעאַל, וואָס איז נישטאָ און וועט נישט זיין. נישט צו דיר זענען געווענדט דיעזע פערזען, נאָר צו אַ געשפענסט, וואָס איך האָב אליין בעשאפען, צו אַ געשפענסט, וואָס איין פונקט פון איהם האָב איך גענומען פון דיר — איין־און־איינציגען, נאָר דאָך גענומען.

„דו ביזט פאַר מיר געווען אַ טייל פון אונפערווירקליכען.
„אָט וואָרום דאָס זענען מיינע בעסטע פערזען“...

יואל סלאָנים:

# ניו יארק

אזוי ליכטיג און פריש, אזוי דופטיג און פריי,
און א ריח פון סאָסנע־זאַפט שפּאַרט זיך אין לופט,
און א פויגעל, א גאָלדענע לויפט מיר פאַרביי,
און זי זינגט ווי דער הימעל־בלאָה, זינגט מיר און רופט ;
און דער וואַלד אזוי יונג, און דער וואַלד אזוי גרין,
און די שאָטענס, זיי לייגען זיך מילד אוים און קיהל,
און ווי זאַנפט איז דער הוזש פון א גאָלד־שעהנע ביהן,
און ווי ליעב איז, ווי ליעב איז דאָס ליעד פון דעם גרילל,
און ווי סאַמעטען־ווייך איז דער מורמעל פון טייך,
וועלכער שפּרינגט איבער שטיינער אין צערטליכען פרייד,
אָ, ווי סאַמעטען־מילד פון א סאַמעטען־האנד
איז דאָס גלעט פון א פרוי אין א זומער־וויים־קלייד...

און אין לאַנקע — ווי העלל און ווי גרויס איז דאָס פעלד,
און די זון אין התלהבות, זי לאַכט און זי קוועלט,
ווי רייך איז מיט בלומען דאָס הארץ פון דעם פרייד,
און ווי רייך איז מיט בלומען און זון־ליכט גאָט'ס וועלט ;
א ווינטעלע שפּיעלט זיך, און טאַנצט זיך ארום,
אריבער די זאנגען, די גראָז און די בלום,
ער שפּיעלט זיך און ווארפט זיך אין וואלד און אין פעלד,
און איך ליעג פון שיינענדע טרוימען בעזעלט ;
ער שאָקעלט די בוימער, און ס'פליהען אראָפּ,
פונקען פון גאָלד אויף מיין האלז, אויף מיין קאָפּ.
די פונקען, זיי גליצען זיך, שוועבען אום מילד,
און פּלוצלינג צופליהען ווי שמיפערלאך, ווילד,
פון אויג צום מויל און פון מויל צום אויג,
און גיט זיך א בויג
אן אלטער בוים, דאן קנויל נאָך קנויל,
ווי גאָלדענער קויל, זיי פאַלען אויף מיר,
און פערשווינדען בליץ־שנעלל,
צווישען די גראָז, אזוי יונג, אזוי העלל...

און אין אבענד, ווי גוט ווערט, ווי לייכט ווערט אין הארץ,
איך געה מיט מיין מיידעל א האנד אין א האנד,
פון צווישען די בוימער אין בלוליכען שווארץ,
צושווימען זיך שאָטענס אריבער דאָס לאַנד,

עס פליהען די פויגלען צוריק אין דעם וואַלד,
און זינגען א שטיללע, א הארציגע ליעד,
דער הימעל — א גאָלדענער, גליהענדער ים,
מיט פלאַמענדע שיפען וואָס שלעפּען זיך מיעד.
שעהן איז אין טאָג־שיין די לאַנקע, דער וואַלד,
דאָך שעהנער צו אבענד אין טרוימען בעהילט,
ווען גלעקעלאָך קלינגען פון הארץ פון דעם וואַלד,
און פאַסטוכער זינגען און ווערען פערשטילט,
ווען עפּעס ווי הייליג, איז אלץ נור ארום,
דער ווינטעל בעהאַלט זיך אין נעסט פון א בוים,
און די זון, זי זעהט אויס ווי א בלוט־רויטע בלום,
פון ערגעץ א סאַד פון פאַנטאַסטישען לאַנד,
און א ווייכע, א לאַנגע, א זיידענע האַנד,
זי לאַסטשעט מיין הארץ מיט די צאַרטהייט פון טרוים,
און אלץ איז פערחלומט, און אלעס איז שאַ,
עס הערט זיך נור זעלטען פון קראָהען א קראַ,
דאָך מיר איז שוין לעסטיג
די שטילקייט, די רוהע,
איך בענק נאָך דער שטאָדט...

איך בענק נאָך דער שטאָדט,
נאָך דער רוישענדער, לאַכענדער, טאַנץ־ווילדער שטאָדט,
נאָך די גאַסען עלעקטריש מיט זילבער בעשפּריצט,
נאָך די מענשען וואָס הודיען ווי שטראָמען ביי נאַכט,
אין גאָלד־גלאַנץ, אין זיידענס, אין שיק און אין פּראַכט,
נאָך דעם רעש פון די באַהנען, פון טראָלי׳ס דעם קלאַנג,
נאָך דעם פייף פון די שיפען, דעם אייזענס געזאַנג,
איך בענק נאָך דער שטאָדט...

איך בענק נאָך דער שטאָדט,
ד׳בין מיעד שוין פון וואַנדערען אין גרין־ווייכע פעלדער,
בין מיעד פון די טייכלאָך, בין מיעד פון די וועלדער,
מיר ציהט צו דעם ברויזענדען וואַלד פון די מענשען,
ווי רייך איז אין טענער דאָס שעלטען, דאָס בענשען,
ד׳האָב ליעב דעם שטראָם פון א שטאָדטישער גאַס,
האָב ליעב די ליעבע, האָב ליעב דעם האַס,
וויל טרינקען דעם וויין פון דעם רוישיגען לעבען,
האָב ליעב די פרייד און די טרעהרען פון שטרעבען,
האָב ליעב ניו־יאָרק מיט איהר הודיען און קאָכען,
האָב ליעב דעם קאַמפּף, האָב ליעב דעם נצחון — — — —

אין גאָרטען פון בלומען,
ווי זים איז צו טרוימען,
וואו בוימער, זיי גרינען,
חלומות צו שפינען,
נור ס'רופט דאָס לעבען,
עס לאָקט דער שטרעבען
איך בײנק נאָך דער שטאָדט...

ד. מ. הערמאַלין.

# אין וואלד

(איינדריקע פון א יעגער)

עס איז אין מיטען מאָנאַט אָקטאָבער, אין אָנפאַנג פון דעם אינדיאַ־נישען זומער, אין נאָרד אַמעריקא. דאָס איז די שענסטע צייט אין יאָהר אין דיעזען לאַנד. עס איז ניט הייס, עס איז ניט קאַלט. די נאַטור זעהט אויס ווי עפּעס א גוט אָנגעגעסענער בעל הבית, וואָס האָט זיך אוועקגעזעצט הנאה האָבען פון דער וועלט.

איך בין אויף די אַדיראָנדען בערג.

עס איז גאַנץ פריה און א גאָלדענער לאָמפּ רוקט זיך אַלץ מעהר און מעהר אַרויס פון די שפּיטצען בערג אין מזרח־זייט. צייטענווייז קומען אָן די ברייטע, אייביג־גרינע צווייגען פון דעם ספּרוס בוים און פערשטעלען, אָבער דאָס גין־גאָלד צוגיסט זיך און קריכט דורך די מיליאָנען גרינע נאָד־לען, און דאַן זעהט אַלעס אויס ווי גרינעם פליסיגעם גאָלד.

אָבער דער יעגער האָט ניט פיעל צייט צו בעטראַכטען א זונען־אויפ־גאַנג אין וואַלד. עס איז גאַנץ פריה און די בעסטע צייט פאַר יאַגד. דער יעגער ווייס אַז דעמאָלט קומען נאָר וואָס אַרויס די חיות פון זייערע נאָרעס און בעהעלטענישען און עסען זייער פריהשטיק. עס איז גוט זיי צו איבער־ראַשען, מען מוז בעסער אכטונג געבען ניט אַרויפצוטרעטען אויף א טרו־קענעם שטעקעלע, ווייל א קליינער קר־ר־א־א־ך איז שוין גענוג צו פער־טרייבען די חיה, וואָס פּאַשעט זיך ערגיץ דאָרט, פופציג שריט ווייט. מען מוז אויך אכטונג געבען ניט צו פערטשעפּען זיך אָן א צווייגעלע, ווייל דער מינדעסטער „סניפּ!" איז גענוג אָנצוזאָגען דער אונפערדעכטיגער חיה, אַז די גרוייזאַמסטע חיה, מענש, קומט.

דעם יעגער'ס אַלע חושים זיינען געשפּאַנט; די טיעפסטע אויפמערק־זאַמקייט האַלט איהם געקאָוועט, און אין זיינע הענד האַלט ער פעסט, מוכן ומזומן זיין רייפעל, צום שיסען. ער ווייס, אַז איין סעקונדע — ניין, א האַלבע

סעקונדע, שפּיעלט א ראָלע. ער ווייס, אז ווען מענש און חיה דערזעהען זיך אין איין צייט, דאַן מעג עס אפילו זיין דער שווער־אויסזעהענדער בער, פערשווינדט ער אויך אין א סעקונדע.

אַך, ווי גוט זיי ווייסען וואו צו ענטרינען! זיי שוועבען שנעל אריין צווישען די דיקע בוימער, צווישען די געדיכטעסטע אונטער־בוימלאַך, היג־טער א קלאָטץ, אבי זיך ניט אויסצוזעטצען דער געפאהר, דער יעגער זאָל זיי האָבען אין אויג.

אַט דערפאר ווייס דער יעגער, אז מען מוז שנעל שיסען.

נאָך עפּעס. דער יעגער ווייס אפילו, אז אַלע חיות האָבען מורא פאר א מענשען און ענטלויפען פאר איהם. פון דעסטוועגען, ווען מען בעגעגענט א בער, און ביי א זעלטענער געלעגענהייט אויך א פּאַנטהער, דאַן מוז מען ניט נאָר שנעל שיסען, זאָנדערן אויך ציעלען און שיסען אויף אזא פּלאַץ וואָס פערוואונדעט ניט, נאָר עס טויטעט אויגענבליקליך.

מען דערמאָהנט זיך, למשל, אָן א געשיכטע פון א יעגער, וואָס האָט געשאָסען אויף א בער; די קויל האָט דורכגעלעכערט זיין בויך, אָבער ער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף ביידע הינטערשטע פיס און, ברומענדיג, איז ער געגאַנגען צום יעגער. נאָך א קויל האָט געקראַכט און האָט דורכגעלעכערט זיינע לונגען. דער בער איז ווייטער געגאַנגען. דאַן איז דער יעגער פּאַראַ־ליזירט געוואָרען פאר שרעק און מעהר ניט געקענט שיסען. אויפ'ן אַנדערן טאָג האָט מען געפונעןביידען טויט, דעם בער פון די צוויי קוילען וואָס ער האָט געקראָגען, און דעם יעגער פון א צובראָכענעם שארבען, וואָס ער האָט געקראָגען דורך איין פּאַטש פון שטאַרבענדען בער'ס לאַפּע.

מיט א פּאַנטהער איז עס געווען אַנדערש, ער איז געזעסען אויף א בוים. דער יעגער האָט דורכגעשאָסען זיינע ביידע הינטערשטע פּאָלקעס. ער איז ארונטערגעשפּרונגען און — מען האָט איהם געפונען טויט אויפ'ן יעגער'ס קערפּער; דער יעגער האָט איהם אויך דערשטאָכען מיט זיין יאַגד־מעסער, אָבער דער שטאַרבענדער פּאַנטהער האָט דערוויילע אויך דורכ־געביסען דעם יעגער'ס האַלז.

מען מוז אַלזאָ ניט נאָר שיסען שנעל, נאָר אויך אויף א ריכטיגען פּלאַטץ, אין הארצען איז דאָס בעסטע; א שוס דורכ'ן האַלז, איז אויך גוט; א שוס אין קאָפּ, דורכ'ן געהירן, אויסגעצייכענט. אָבער ווער קען עס אימער ציעלען און טרעפען גראַדע אהין אין א סעקונדע אָדער צוויי צייט, ווען די חיה איז נאָך אין בעוועגונג?

דאָס אַלעס, ווי מ'זאָגט, פערזוכט, וואָס דער יעגער, אפילו ווען ער האָט שוין א פּאָעטישע נשמה, זאָל ער אויך ניט בעטראַכטען די נאַטור אין איהר פולער פּראַכט, נור פערבייגעהן און אויפפּאַסען איבער די גע־היימניספולע בעוואָהנער פון וואַלד.

מיט אזא נערוועזע שפּאַנונג קען מען אָבגעהן פיער און פינף שטונדען בארג ארויף, בארג ארונטער. דאַן דערפיהלט מען מיעדקייט און אַן אַפּעטיט אויפצועסען פינף שטאָדטישע מיטאָגס אויף איין מאָל.

אין א טאָג איז מיר אויסגעקומען צו עסען מיין מיטאג אויף'ן שפיטץ פון אַ בארג, ניט ווייט פון אַ קליינער אָזערע, וועלכע איז געווען ארומגערינגעלט מיט קליינע ציפּרעסען־בוימער. דער וועג צו דער אָזערע איז געווען אַ שטיינערדיגער, פון שווארצען גראניט, מיט אונצעהליגע גרעסערע און קלענערע שפּאַלטען. עס שיינט, אז מיט עטליכע טויזענד יאָהר צוריק איז דאָרט געווען אַ גרויסע קאַטאסטראָפע, הפּנים אַ פייער און דער שד האָט זיך צובייזערט און האָט דורכגעבראָכען דעם גאַנצען גראניט בארג. אויף איין אָרט האָט ער געלאָזען אַ טיפע לאָך, וואו די אָזערע האָט זיך געפונען און אויפ'ן צווייטען איז דער גראניט געבליבען אין זיין ערסטען צושטאַנד צושפּאָלטען. דער נאָרד־ווינט, וואָס האָט דאָרט געבלאָזען, האָט ניט צו־געלאָזען עס זאָל אויף איהם עפּעס אַנוואַקסען, און אזוי איז ער געבליבען. ביי דער זייט זיינען געלעגען רונדע און פיער־עקיגע גראַניט שטיינער, אזוי גרויס ווי דריי און פיער צימערען פון אַ ניו־יאָרקער טענעמענט־הויז. און קוקענדיג אַרונטער, ביז העט ווייט, אין טיפען טהאָל, זיינען געלעגען נאָך אונצעהליגע אַזעלכע שטיינער, אַלע בעוואַקסען מיט אַ גרינעם מאָך. דיעזע אַלע שטיינער זיינען, וואהרשיינליך, געקומען פון דעם גרויסען בארג־שפּיטץ, וואָס איז אַמאָל געווען, און איז צובראָכען געוואָרען בשעת נאַטור האָט זיך אַנגע'ברוגז'ט.

די אור־אַלטע חורבה האָט מיר שטאַרק פעראינטערעסירט און איך האָב בעשלאָסען מיך אַוועקצוזעטצען דאָרט, עסען און רוהען.

כאָטש עס איז נאָך ניט שטאַרק קאַלט, פון דעסטוועגען איז עס אונאַנגענעהם צו זיטצען אויף אַ שטיין. איך האָב בעשלאָסען מיך צו זעט־צען אויף אַ קלאָטץ. לינקס, ביים עק פון וואַלד, איז געלעגען אזא קלאָטץ. דאָס איז געווען דער לאַנגער מיטעל־טהייל פון אַ בוים. ער איז אויך געווען בע־וואַקסען מיט גרינעם מאָך. ווען איך האָב מיך אויף איהם געזעצט, האָט ער אויסגעזעהען צוזאַמען צו ברעכען אונטער דער געוויכט פון מיין קער־פּער.

איך האָב מיך געזעצט אויף אַ נידעריגען שטיין און אָנגעפאַנגען צו שטודירען דעם בוים. ער איז געווען זעהר דיק, ניט וועניגער ווי דריי מענ־שען, זיך האַלטענדיג ביי די הענד, וואָלטען איהם געקענט אַרומנעהמען. צו וועלכען מין ער האָט געהערט, האָב איך ניט געקענט וויסען דורך זיין אַלט־קייט. אָבער איהם שטודירענדיג האָב איך אויסגערעכענט, אונגעפעהר, אז עס האָט בעדאַרפט דויערען כאָטש דריי הונדערט יאָהר, אום אַ בוים, אויף אזא הויכקייט, אין אַ ציעמליך ווייט נערדליכער געגענד, זאָל ווערען אזוי דיק. דאַן וועניגסטענס זאָל ער שטעהן הונדערט און פופציג יאָהר, ביז ער זאָל פערוויאַנעט ווערען, אונטערפוילען און אַ ווינט זאָל איהם אומוואַרפען, און אום זיין מעכטיגער קערפּער זאָל פערוואַנדעלט ווערען כמעט אין שטויב, איהר האָט אַלזאָ אַ קימאַ־לן פון אַ פינף הונדערט יאָהר — אַ בוים וואָס האָט אָנגעהויבען צו וואַקסען איידער קאָלומבוס איז געבוירען געוואָרען!

דערווייל האָב איך געגעסען. פאַרטיג ווערענדיג מיט'ן עסען און בליי־

בענדיג זיטצען צו בעטראכטען די ווילד־הערליכע געגענד ארום, איז מיר געווארען אויפפאלענד די מערקווירדיגע שטילקייט — א שטילקייט וואס האט קיין פערגלייך פאר א מענשען, וועלכער קען בלויז די שטאדט.

דארט, אויף די שפיטצען פון די אדיראנדען בערג, בין איך געווען וויט א פופצעהן מיילען פון אן אייזענבאהן סטאציאן. ארום און ארום, אויף מיילען און מיילען, איז ניט געווען קיין וועג צו פאהרען מיט וואגענס אדער אויטאמאבילס. קיין מענש צו שטערען נאטור'ס הייליגע שטילקייט. אבער וואס הערט זיך עפעס מיט די איינוואהנער פון וואלד, וואו זיינען זיי?

פריהער, ווען איך בין נאר אנגעקומען, האב איך געהערט דעם ווילדען און אונאנגענעהמען געשריי פון בלויען דזשעי.

דער בלויער דזשעי איז א ביסעל קלענער פון א טויב; ער בעלאנגט צום וואראנעס מין, דערפאר שרייט ער אזוי ווי זיי. אבער זיין גאנצער קערפער איז טיעף בלוי און זיין עק האט עטליכע ווייסע פעדערען.

אבוואהל ער איז אזוי שעהן, דאך האסען איהם די יעגער, ווייל מיט זיין ווילדען געשריי גיט ער אן אלארם צו די וואלד־בעוואהנער, אז געפאהר דערנעהנטערט זיך.

פון דעם בלויען דזשעי'ס געשריי אן, האב איך מעהר גאר ניט געהערט, אפילו קיין שארך.

ששא, שטיל, — ניין, די גאנצע נאטור איז טויט! קיין זאך בעוועגט זיך!

די שטילקייט האט אנגעהויבען פלאגען מיינע נערוון און איך האב געשפירט גלייך ווי מיין אייגענע שטימע וואלט זיך ניט געהערט ווען איך זאל רעדען. איך האב שוין געוואלט אויסשרייען, ווי די קינדער, „הא!“ אום צו הערען דעם ווידער־קול, אבער איך האב אנשטאט דעם א שמייכעל געטהאן.

„בעסער ווידער שטודירען די מערקווירדיגע שטילקייט,“ האב איך מיר געטראכט.

די זון איז געווען ווייטער ווי פון מיטען הימעל; זי האט געהאלטען אין ארונטערגעהן צו מערב זייט. זי איז שוין ניט געווען פון אזא גאלדענעם קאליר ווי אין דער פריה, נאר עפעס ווייסליכער.

אבער וואס זעהט זיך דארט?

ווייט אוועק, טאקי באלד, באלד נעבען דער זון, האט זיך געזעהען א שווארצער פלעק — א בעוועגענדער פלעק. אן אדלער! ווי מאיעסטעטיש ער האט געשוועבט אין דעם בלויען אזשור! דארט אהין, האט איהם אפילו דעם מענשען'ס גרעסטע כלי־משחית ניט געקענט טרעפען. עס איז נאך ניט געמאכט געווארען קיין רייפעל וואס זאל שיסען אזוי ווייט.

אט אזוי שוועבט ער זיך און זיינע וואונדערבארע אויגען קענען בעמערקען אלעס וואס געהט פאר אונטער איהם, אויף דער ערד, אפילו א האז קען ער דערזעהן צווישען גראז אויף א שטרעקע. דאן שיסט ער זיך ארונטער מיט דער שנעליגקייט פון א קויל און פאקט זיין רויב.

ביי נאַכט רוהט ער אין די פעלזען־שפּאַלטען וואו קיין לעבעדיגע חיה קען איהם ניט דערגרייכען.

קעניג פון דער לופט!

אָבער די שטילקייט אַרום מיר האַלט נאָך אַלץ אָן. מיר ווילט זיך זעהר שטאַרק זאָגען „האַ!“ נאָר עפּעס הינטער מיר, נעבען מיין אויער זשומט ווי אַ פליעג. אַהאַ! קליינעס לעבען, רייך לעבען! איך בלייב ווייטער זיטצען רוהיג און קוק אַרום מיר.

נאָך פליעגען פליהען, בעוועגען זיך, זשומען. זיי האָבען זיך מעהר פערזיכערט, איך זיטץ שוין אַ לאַנגע צייט שטיל. זיי רעכענען מיך פאַר אַן אונבעוועגליכע זאַך.

שאַ! דאָרט קריכט אַ האָלץ־פּיקער אויף׳ן באַרג, דאַכט זיך אַ פויגעל, דאָך קריכט ער ווי אַ מייזעל מיט זיינע צוויי פיסלעך. זעה נאָר זעה, מיט זיין עק בעדיענט ער זיך אויך ווי מיט פיס. ער איז ביים מיטען באַרג. ער זוכט. ענדליך האָט ער דערשפּירט אַ פויגעל הינטער דער קאָרע. ער שטעלט אָן זיין פּיסקעל — גר־ר־ע־ע־ג! ער בויערט. עס הערט זיך אונגעהייער שטאַרק און הויך. וואָס פאַר אַ מאַכט! דורכגעבויערט! זיין פּיסקעל זינקט אַריין טיעף און — ער האָט איהר געכאַפּט! זעה נאָר ווי ער פערשלינגט איהר!

„פּייפּי, פּיפּי, פּיפּ!“ דאָס איז דער קליינער און שעהנער קאַרדינאַל פויגעל; ער רופט אַ חבר אָדער אַ חבר׳טע. זיי ענטפערען. אָט האָבען זיי זיך אָוועקגעשטעלט אויף׳ן אַנדערען באַרג. ווי שעהן זיי זיינען!

וואָס איז דאָס!

אַ פליוסק אין וואַסער! אַהאַ! דאָס איז דער פישער., אַ פויגעל אַזוי גרויס ווי דער בלויער דזשעי, אָבער שוואַרצליך און מיט אַ טשופּען אויפ׳ן קאָפּ, ווי די ווייבער פלעגען טראָגען אין דער אַלטער וועלט.

דאָס איז אַ רויבער! ער האָט זיך אונטערגעטונקט און ער איז אַרויס. ער האָט גע׳גנב׳עט אַ קליינע פאַסטראַנגע פון דער אָזערע און איז אַנטלאָפען.

עפּעס פּייפט!

מערקווירדיג, דער בלויער דזשעי קען אויך פּייפען ווען ער וויל. זעה נאָר ווי ער שטעהט. אויף׳ן אַנדערן עק פון דעם געפאַלענעם טויטען זקן, און ער קוקט צו מיר. ער שטודירט מיך. ער איז ניט זיכער, וואָס בין איך? מאַקי עפּעס אונבעוועגליכעס? מיין רויטע פאַטשיילע איז אַרויסגעפאַלען פון מיין האַנד. אַוועק איז דער דזשעי און זיין אומגעלומפּערטער געשריי פערהילכט דעם וואַלד.

מיין מיטאָג און רוהען זיינען פאַראיבער. מען מוז ווייטער יאָגען.



ד. ל. לאקסאַן:

# פיליפּ לאַנגמאַן

(א פּראָלעטאַריער דיכטער).

בעת גערהארד הויפּטמאַן האָט בעקאַנט געמאַכט די וועלט מיט דער שטאַרקסטער דראַמאַ פון עלענד און נויטה — „די וועבער" — זיינען מאַנבע קריטיקער ארויסגעקומען מיט טענות: ווער איז דער העלד אין דער דראַמאַ? קאָן דען זיין א דראַמאַ אָהן א העלד? דער אַלטער ראָמאַנטיקער, פרידריך שפּיעלהאַגען, אין א בעגייסטערטען ארטיקעל וועגען דעם טאַלאַנטפולען אָנפאַנגער, האָט זיי דעמאָלט געענטפערט: „איהר זוכט א העלד אין „די וועבער"? — איך האָב איהם געפונען! דער העלד אין דער דאָזיגער דראַמאַ איז די נויטה....

אָט דער זעלביגער העלד פיגורירט אין אַלע נאָוועלען און דראַמען פון דעם עסטרייכישען שריפטשטעלער, פיליפּ לאַנגמאַן.

פיליפּ לאַנגמאַן איז א איד, געבוירען אין ברינן, אין יאָהר 1862. זיין שטעלע אַלס פאַבריק־אינספּעקטאָר האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט נאָהענט זיך צו בעקענען מיט דעם לעבען פון פאַבריק־ארבייטער.

אין זיינע ערשטע זעקס נאָוועלען („ארבייטער־לעבען") איז לאַנגמאַן א אימפּרעסיאָניסט. זיינע שפּעטערע ערצעהלונגען זיינען שוין אולטראַ־רעאַליסטיש, וואָס גרענעצט זיך מיט נאַטוראַליזם. מיט דער אויפריכטיגקייט פון אַן עכטען רעאַליסט שילדערט לאַנגמאַן דאָס אַלטעגליך־וואָכעדיגעס לעבען פון די פאַבריק ארבייטער, זייער דלות און נויטה, זייערע האָפנונגען און חלומות. און אויב לאַנגמאַן פאַלט נאָך ערטער־ווייז אריין אין א ראָ־מאַנטישער שטימונג, איז אָבער דער רעאַליסט אין איהם תמיד גובר דעם ראָמאַנטיקער. אין זיינע אַלע נאָוועלען און דראַמען פיהלט זיך די וואַרימ־קייט פון פערפאַסער'ס נשמה, א האַרץ, וואָס בלוטיגט פאַר אנדערע.

* * *

די גאָטספאָרכטיגע פרוי שוואַבין — אין דער נאָוועלע „איין שטרע־בער" — איז שוין גאַנץ אַלט, האָט אייניקלאַך און ארבייט נאָך אין פאַבריק. זי איז בטבע אַן ערליכע. אָבער איהר אייניקע לליעגט קראַנק צו בעט און אין שטוב איז ניטאָ א ביסען ברויט. כדי צו רעטען איהר אייניקעל, מאַכט זי א פשרה מיט איהר געוויסען און גנב'עט פון פאַבריק עטליכע אַרשין לייוואַנד, וואָס זי רעכענט צו פערקויפען פאַר עטליכע קרייצער. דער אויפזעהער פון פאַבריק, באַרקמאַן, כאַפּט זי ביי דער גנבה און פאַר־מסר'ט זי פאַר'ן ווירטה. פאַר זיין גינציגקייט העכערט מען איהם דאָס געהאַלט אויף פינף קרייצער.

לאַנגמאַן פיהרט פאַרביי גאַנצע מחנות הונגעריגע, אָבגעריסענע, אונ־

יויסענדע ארבייטער, וועלכע האָרעווען דאָס גאַנצע לעבען פאר א הונגער־לוין. נאָך דער ארבייט לאָזט מען איבער אין דער היים קראנקע, פערשמאכטע פרויען מיט קראנקע קינדער אויף די הענד, אָהן טרייסט, אָהן א פריינדלי־כען וואָרט, פון קיינעם ניט באטרויערט, פון קיינעם ניט באדויערט, און אליין געהט מען אוועק פערטרינקען די צרות אין ביער־האלע.

א גרופּע וועבער אויף א גרויסער פאבריק — אין דער נאָוועלע „פּיער גליקליכע" — פארשפּיעלען זייערע שכירות אין לאָטעריע־צעטלעך. יאָה־רען לאנג שפּיעלען זיי ליידענשאפטליך אויף א נומער 52, אויף „אן אלמעכ־טיגען" נומער, וואָס איינעם פון זיי האָט זיך אמאָל גע'חלום'ט. אין זייערע הערצער שלאָגט א האָפנונג, אז סוף כל סוף וועט ער קומען, דער „פּאפּירענער מיוועל" און וועט זיי ערלייזען פון דער פאבריק. און, אָה, וואונדער! פּלוצלונג געווינען זיי גאַנצע 400 גולדען. זיי פאָהרען אָבנעהמען דאָס גע־ווינס. דאָרט טרעפט מען זיך מיט א חברה הונגער־ליידער און מען לאָזט זיך אוועק היימלאָך מאכען. אונטערוועגענס קויפט מען איין קעמעלעך, מעסער־לעך, ציגארען־שפּיצלאך, בינדעס מיט שמעקעדיגע זייף און מען שפּיעלט אין קאָרטען מיט א באנדע שולערס. מען עסט זיך אָן מיט טוכלע פלייש, מען שיכורט אין שאנדע־הייזער. צום סוף, אין א געשלעג מיט דער פּאָליציי, קריעגט מען צושפּאָלטענע קעפּ און מען ניכטערט זיך אוים אין געפענגנים.

דאָס איז איינע פון לאנגמאן'ס שטארקסטע און טרויעריגסטע נאָוועלען, וועלכע איז אויך בעארבייט אין א דראמע אונטער'ן טיטעל „פּיער געווינער".

„די פערמעגליכע נאציאָן" — שרייבט בעבעל — „ערוועקט א תשוקה ביי דער ניט־פערמעגליכער נאציאָן צו גאָלד". נאָר פאר דער פערמעגליכער נאציאָן איז גאָלד א סימבאָל פון מאכט, פון הערשאפט. פאר דער צווייטער — דער סימבאָל פון פרייהייט. פרייהייט איז מעגליך נאָר דאן, ווען עס וועט ניט זיין קיין שקלאפעריי; און שקלאפעריי וועט גילטען כל זמן עס וועט גילטען גאָלד און מאכט. פאר וואָס איז די מענשהייט אזוי אונ־גליקליך? איז דען ניטאָ גענוג ברויט? גיט שוין די ערד גאָר נישט ארוים? מיר זעהען דאָך אָבער, אז איצט איז אלץ דאָ מעהר ווי אמאָל: מעהר ברויט, מעהר וואָל, מעהר אייזען, מעהר קוילען, מעהר מאשינען, מעהר שיף און בגדים, מעהר גאָלד. טאָ פאר וואָס איז די מענשהייט אזוי אומגליקליך? פאר וואָס זיינען היינט דאָ אזוי פיעל הונגעריגע, קראנקע און פערברעכער?"

דער יונגער מאן פון יאָהר 1895 — אזוי הייסט איינע פון לאנגמאן'ס נאָוועלען — פערצייכענט ביי זיך אין טאשען־ביכעלע אָט די דאָזיגע פרא־גען, און ער ערקלעהרט די סיבות אויף אזא אופן:

ביז היינט האָבען מענשען זיך אויסגעלערענט צו פּראָדוצירען, צו שאַ־פען. זיי פערשטעהען אָבער ניט ווי אזוי צו פארטיילען דאָס, וואָס זיי האָבען געשאפען. אלע פּראָדוקטען פון דער מענשליכער מיה בלייבט אין איין אָרט. נאָר אזוי ווי דאָס גליק פון דער מענשהייט איז מעגליך נאָר דאן, בעת פון גאָלד וועט קיין זכר ניט בלייבען און אזוי ווי דאָס גאָלד האָט געהאלטען די מענשהייט אזא לאנגע צייט אין שקלאפעריי, מוז דארום די מענשהייט זיך

נוקם זיין. אויב עס איז בעשערט, אז די מענשהייט זאָל צונויפזאמלען גרויסע, בלוטיגע אוצרות, אויב אויף אונז ליגט דער חוב פול צו מאכען דעם ריעזיגען טאָהל מיט גאָלד, זאָל דאָס געשעהן וואָס גיכער. לאָמיר ארבייטען, ארבייטען פאר די צוקונפטיגע דורות, כדי זיי צו ערלייזען פון'ם יאָך אָנצוזאמלען בלוטיגע אוצרות. און בעת דער גרויסער טאָהל וועט שוין פול ווערען מיט גאָלד, וועט די מענשהייט דעמאָלט אוועקגעהן מיט א פלוך אויף די ליפען. און פון'ם שטיקעל ערד וועט ווערען א גיהנם. אָט דאָס וועט זיין די נקמה. פרייע מענשען וועלען זיך נעהמען פאר נייע ארבייט, וואָס וועט אַלעמען נוצען ברענגען. אַלע וועלען זיין לעבענס־לוסטיג און לעבענס־ווילינ, ווי די אַמאָליגע גריכען. און אויב די מענשען וועלען ווידער אַמאָל ווערען שקלאַפען, וועלען זיי זיין שקלאפען פון ליעבע, פון אמת'ע ליעבע, וואָס גיט תמיד און בעט ניט קיין געצאָהלט. דאָס וועט בעשאפען א שטאַרקע, גוטע נאַציאָן.

אָבער דער יונגער מאן פון יאָהר 1895, וואָס האָט פערשריבען אין זיין טאַשען־ביכעלע אַזוינע שעהנע און ערהאַבענע חלומות, איז א מענש מיט צוויי נשמות: איין נשמה זאָגט איהם: „בלייב טריי דער ערד!“ ארבייט, ארבייט און העלף זאמלען אוצרות. די צווייטע נשמה רופט איהם אין אַן אַנדער וועלט, אין א וועלט פון קונסט, מוזיק, פּאָעזיע, אין א וועלט פון שעהנע ליניען. און די צווייטע נשמה איז גובר די ערשטע: ער טראָגט זיך אַרום מיט'ן וועלט־שמערץ, בעוויינט די אומגליקליכע מענשהייט, זוכט תרופות פאר דער צרה'דיגער וועלט און בלייבט פונדעסטוועגען ליגען אויף דער ווייכער סאָפע, אין א שעהן־מעבלירט צימער, ניט אריינטהאָנדיג א פינגער אין קאַלט וואסער. ער בלייבט נאָר אַן אייביגער וויינער....

* *

*

„בארטעל טוראזער“ פערנעהמט דעם אויבען־אָן צווישען לאַנגמאַן'ס דראמען. דידאָזיגע דראמא בעלאנגט צו די מיליע־דראמען. זי האָט גע־האַט א שטאַרקען ביהנען־ערפאָלג. נאָך הויפטמאַן'ס „וועבער“ איז „באר־טעל טוראזער“ אָהן ספק די שטאַרקסטע מיליע־דראמע.

„בארטעל טוראַזער“, דער הויפט־העלד פון דער דראמע, נאָך א לענגע־רען קאמפף מיט זיך אַליין, בעשליסט צו זאָגען פאלשע עדות, כדי צו פער־בעסערען די מאַטעריעלע לאַגע פון געזינד און רעטען זיין געליעבטען אינגעלע פון א הונגער־טויט. לאַנגמאַן שילדערט אין אָנפאַנג פון דער דראמע דעם שיקזאל פון ארבייטער, וואָס ליידען מורא'דיגע דחקות אין דער צייט פון א סטרייק, וואָס איז אַרויסגעקומען צוליעב א מיאוסע האַנדלונג פון איינעם פון די הויפט־מייסטער פון פאַבריק, מיט'ן נאָמען קלעפל. אלע סטרייקער האָפען, אַז קלעפל וועט ענטזאגט ווערען. דער סטרייק ציהט זיך לאַנג. פיעלע פאַמיליען, וועלכע ערנעהרען זיך פון ארבייטען אין פאבריק, פערלירען דעם מוטה, ווערען אויסגעמאַטערט פון דחקות און נויטה. נא־טירליך, מעהר פון אלעמען ליידען די פערהייראטע סטרייקער.

בארטעל טוראזער קאָן ניט בלייבען גלייכגילטיג צו די יסורים פון זיין קראנקען אינגעלע, וועלכער הייסט אויך בארטעל. זיין אינגעלע געהט אונטער פון טאָג צו טאָג, ניט האָבענדיג געהעריג צו עסען, אָהן אויפפאַסונג, ווי עס פאָדערט זיך פאר א קראַנק קינד. דאָס קראַנק קינד בעט ביים פאָטער ער זאָל איהם קויפען נאַשעריי, שפּיעל־זאַכען. דאָס קינד קאָן נישט פערשטעהן, ווי קומט עס, אז דער פאָטער, וואָס ליעבט איהם אזוי שטאַרק, וויל איהם ניט פערשאַפען פערגעניגען דורך א נאַשעריי, אָדער א שפּיעלכעל. דער קראַנקער אינגעלע בעגרייפט ניט, וואָס ארום איהם קומט פאָר. ער ווייס נאָך אויך ניט, וואָס געלד בעדייט, און פרעגט נאַאיוו: צוויי הונדערט גולדען איז עפּעס א סך געלד?....

וואָס ווייטער אַלץ קראנקער ווערט דאָס קינד, אַלץ מעהר פארקלעמט און פארקימערט. דאָס מאַטערט אזוי דעם אַלטען טוראַזער, אז ער איז גרייט צו טהאָן אַלץ אין דער וועלט, נאָר זאָט און פרעהליך צו מאַכען זיין קראַנקען אינגעלע. און נאָך א לאַנגען אינערליכען קאַמפּף, מיט צאָרן און ענטריסטונג, פאר וואָס ער קאָן ניט טריי בלייבען זיינע אייגענע פּרינציפּען, בעשליסט ער צו מאַכען אַזא שריט, וואָס איז אין שאַרפען געגענזאַץ מיט זיינע לעבענס־כּללים און מיט זיין עהרליכער פערגאַנגענהייט! ער זאָגט פאַלשע עדות און דערמיט מאַכט ער פאַלשטענדיג ריין דעם פערהאַסטען מייסטער קלעפּל, וואָס צוליעב איהם האָט אויסגעבראָכען דער סטרייק, בעת אַלע סטרייקער, וואָס האָבען זיך אויף איהם באַקלאָגט, בלייבען ליגנער און פערלוימדער. פאר דיעזע פּשרה מיט׳ן געוויסען קריגט בארטעל טוראַזער א בעלוינונג... ער דאַרף דאָס ניט פאר זיך, נור פאר זיין קראַנקען אינגעלע, וועמען ער האָט אזוי לאַנג געטרייסט נור מיט הוילע ווערטער.... ער קויפט באַלד פאר דאָס שענדליכע געלד זאַכען פאר זיין קינד. ער פיהלט אָבער, אז דאָס געלד איז מיאוסע, וואָס לעגט א פלעק אויף זיין עהרליכען נאָמען. אַלע ארביי־טער טאַדלען איהם, אַלע פערלאָזען איהם. איהם הויבט זיך אָן צו דאַכטען, אז אפילו זיין זוהנעלע פערשטעהט, אז דער טאַטע זיינער איז זיך בענאַנגען מיאוס געגען זיינע חברים־סטרייקער. דער סוף איז, אז דאָס געלד, וואָס בארטעל האָט בעקומען פון דער פּשרה מיט זיין געוויסען, האָט אויך ניט געהאָלפען. דאָס קינד שטאַרבט און בארטעל טוראַזער בלייבט עלענד, פון אַלעמען פערלאָזען, מיט א פלעק אויף זיין געוויסען...

א מורא׳דיגען רושם מאַכען בארטעל טוראַזער׳ס ווערטער אין לעצטען אַקט. ער זאָגט: „אַלץ מוז האָבען אַן אורזאַך. אָט פרעג איך איצט: פאר וואָס איז גראָד מיין בארטעל געשטאָרבען, און ניט קיין אַנדערער; פאר וואָס זיינען ניט געשטאָרבען טויזענדער אַנדערע קינדער און גראַד מיינער? אויף דער וועלט זיינען דאָך פאַראַן א סך קינדער, פאר וואָס איז גראַד מיינער אויסגעקליבען געוואָרען? ער האָט זיך גוט געלערנט, ער איז געווען א גוטער, א גוט האַרץ האָט ער געהאַט... א גוט קינד איז ער געווען... אָט דאַרום רייסט מיר אזוי מיין האַרץ נאָך איהם“.

א אויפריכטיגער קימער וועהט פון זיינע ווערטער און אין דער אייגענער

צייט ווערט ער געפּלאָגט פון אַ שאַרפען, פּאַרשפּעטיגטען חרטה־געפיהל, אומזיסטע טענות וועגען אַ זאַך, וואָס מ׳קאָן שוין צוריק ניט נעהמען. און איהם דאַכט זיך, אַז זיין קינד האָט פאַר׳ן טויט אויך אויף איהם קרום גע־קוקט, ווי אַלע קוקען איצט אויף איהם... איהם דאַכט זיך, אַז זיין קינד׳ס בליקען האָט מען געקענט אויסטייטשען: טאַטע, איך האָב אין דיר אַ טעות געהאַט?" אַלע — זאָגט באַרטעל טוראַזער — האָבען זיך אָבגע־קעהרט פון מיר, אַלע האָבען מיר פאַרשטויסען פון זיך. אָבער געטהאָן האָב איך דאָס נאָר צוליעב איהם, כדי צו פאַרלייכטערען זיין יונגעס לעבען, כדי ער זאָל זיך ניט ערגערען און קלעמען. און ער איז ענטטוישט געוואָרען אין מיר, אין זיין עהרליכען טאַטען, וואָס האָט איהם אַזוי געליעבט! טהייער, גוט קינד מיינס! איצט קאָן ער שוין ניט רעדען. אָבער ווען ער וואָלט אפילו געקאָנט, וואָלט ער דאָס געטהאָן? אַזוינע קינדער רעדען ווייניג. קאָן מען דען אַריינבליקען אין דער נשמה פון אַ קינד, וואָס בעהאַלט אַלץ פון אַנדערע און פון זיך אַליין?... ער וועט קיינעם קיין זאַך קיין מאָל ניט אויסזאָגען און וועט אונטערגעהן פון זיין אייגענעם טרויער, ווייל זיין הארץ קאָן נישט איבערטראָגען אַ צו־שטאַרקען טרויער."

„די הערץ מאַרקע" איז אַ זעקס־אַקטיגע סימבאָליסטישע דראַמע, וואָס האָט געהאַט אַ פיעל קלענערען ערפאָלג פון „באַרטעל טוראַזער". דער אינהאַלט פון איהר איז:

עטליכע דורות זאַמלען צונויף אוצרות, טרעטענדיג אויף מענשליכע לעבענס. אויף די בערג גאָלד וואַקסט אויס אַ זעלטענער, קולטורנער בלום — דאָס איז דער זוהן פון מיליאָרדער דיטערלין, וועלכער געוועלטיגט איבער מיזענדער מענשליכע לעבענס. דיטערלין׳ס זוהן איז אַ פּאָעט, אַ קינסטלער, ווייט פון לעבען און ווייט פון צרות. בעת דער פאָטער גיט איבער אַלע פאַב־ריקען אין זוהן׳ס רשות און דער זוהן קריכט אַרונטער פון „פאַרנאַס" בעקוקען זיינע נחלאות, ווערט ער דער׳הרג׳עט פון אַ מאַשין־ראָד. די מענש־ליכע פּראַצע פון אַ סך דורות האָט זיך נוקם געווען... נאָכדעם קומט פאָר אַ גרויסער סטרייק און אַלע פאַבריקען געהען אַוועק מיט׳ן רויך. אויף די אַלטע חורבות ווערט בעשאַפען אַ נייַ לעבען פון אַרבייטזאַמע עהרליכע מענ־שען.

אין די צוויי דראַמען — „הערטרודאַ אַנגלעס" און „קאַפּראַל שטער" — שילדערט לאַנגמאַן דאָס בויערען־לעבען. און דאָ פיגורירט דער אייגענער העלד. זיין נאָמען איז — נויטה...



# וועגען גליק

(פערשיעדענע מיינונגען פון גרויסע מענער)

געזאַמעלט פון ס. אדלער.

1. — אין יעדען גוטען הארץ איז פון דער נאַטור אריינגעגעבען דאָס עדלע געפיהל, אַז עס קען פאר זיך אליין ניט זיין גליקליך — נאָר עס מוז זוכען זיין גליק אין דעם וואָהל פון אנדערע.

געטהע.

2. — דער אונטערשיעד צווישען גליק און אונגליק איז אזוי גרויס אַז ווען מיר זאָגען איינעם „אַך ווי גליקליך איהר זייט!" פאַנגט ער גלייך אָן צו פּראָטעסטירען פונקט ווי גליק וואָלט זיין עפּעס באַנאַלעס און וואולגאַרעס.
ניטצשע.

3. — דאָס גליק איז די מעגליכקייט צו קענען ערפילען אַלע אונזערע פערלאַנגען אין זייער גאַנצע פערשיעדענהייט.
קאַנט.

4. — דאָס גליק דאַרף מען זוכען אויף דיזער וועלט. אין דעם בעשטעהט — און זאָל זיין — אונזער שטרעבונג.
איבסען.

5. — דאָס גליק איז גראַדע ווי דאָס ליכט אין די וואָלקענס: עס גיט צו אונז א בליק אויף א מינוט, א בליאַסק און בעהאַלט זיך ווידער געשווינד.
קאַזימער טעטמייער.

6. — ס'איז נישטאָ קיין גליק און עס דאַרף ניט זיין! און אויב אין אונזער לעבען איז יאָ פאַרהאַנען א זין, א צוועק, דאַן בעשטעהט דער צוועק נישט אין אונזער אייגענעם גליק נאָר אין עפּעס גרעסערעס, אין טהאָן גוטעס פאר דער מענשהייט.
אַנטאָן טשעכאָוו.

7. — דאָרט וואו ס'איז נישטאָ קיין וואונדער, דאָרט קען מען אויך קיין גליק נישט ערוואַרטען.
שיללער.

8. — גליקליכע פּעסימיסטען! וואָס פאַר א פאַרגעניגען איהר פיהלט ווען איהר קענט בעווייזען אַז קיין גליק איז נישטאָ!
עבנער־עשענבאַך.

9. — א בעטלער ווען ער איז נאָר געזונד, איז ער שוין גליקליכער פון דעם קראַנקען מאָנאַרך.
שאָפּענהויער.

10. — דאָס גליק איז א לייכטזיניגע פרוי וועלכע האָט ליעב זיך אייבערצוגעבען צופעליג צו דעם, צו וועמען איהר פאַלט נאָר איין, אָהן שום זין און בערעכטיגונג.
אַנאָנימוס.

11. — קיין זאַך מאַכט דעם מענשען ניט אזוי אַלט, ווי דאָס גליק.
אָסקאַר ווײַלד.

12. — דער מענש יאָגט זיך זעהר אָפט נאָכ'ן גליק, און דעריבער טרעפט זיך, אַז ער שפּרינגט איהם גאַנץ לייכט אריבער.
ניטצשע.

13. — דאָס גליק איז גראַדע ווי די זון וועגען וועלכער עס טרוימען די בלומען וואָס בליהען נאָר איין טאָג: זיי קענען ניט געהן צו דער זון, נאָר זיי וואַרטען.
קאַזימיר טעטמייער.

14. — די ברוסט קען דעם שמערץ פאַרשלאָסען האַלטען. דאָך שטורמעס גליק קען די זעלעע ניט אַריבערטראָגען.
געטהע.

15. — גליק איז נאָר דאָס, וואָס יעדערער רעדט זיך איין אַלס גליק.
האַלם.

16. — דאָס גרעסטע גליק הערשט דאָרט, וואו עס לעבען זיך צופרידען אַ פּאָר פּאָלק אָבהיטענדיג די אָרדנונג אין הויז.
האָממער.

17. — דאָס גליק געפינט זיך אין דער ליעבע צו גוטע טהאַטען און זייער אַרויסצוציינען אין דער ווירקליכקייט.
אַריסטאָטעל.

18. — דאָס גליק פון דעם מענשען באַשטעהט ניט אין דעם צו האָבען אַ גוטען הערץ, נאָר גאָר קיין הערץ ניט צו האָבען.
ציצעראָ.

19. — לעבען אין צופרידענהייט מיט זיך אַליין — אָט דאָס הייסט צו זיין גליקליך.
זענעאָן.

20. — דאָס גרעסטע גליק געפינט זיך אין דער פרייהייט, און די פרייהייט — אין דעם מוטה.
פעריקלעס.

21. — ווער איז גליקליך? ווער עס פעראייניגט אין זיך צופרידענהייט, געזונד און בילדונג.
טהאַלעס.

22. — גליקליך איז דער יעניגער מענש, וועמען עס געלינגט צו דערגעהן די אורזאַכע פון אַלע ערשיינונגען.
ווירגיל.

23. — פוילקייט — דאָס איז דער ערגסטער שונא פון גליק.
מאָנטעגאַציאַ.

24. — מענשליכע גליקזעליגקייט בעשטעהט אין האַנדלען ערפאָלגרייך.
אַריסטאָטעל.

25. — דאָס גליק איז פריינדליך נאָר צו דעם בראַווען מענשען.
טערענציוס.



ג. זעליקאָוויץ.

# כינא און די כינעזער

כינעזער און מאַנדזשום — די גזרה געגען צעפּ און קעפּ — די דריי גרעסטע קללות פון כינעזער — רעליגיאָן און קבלה פאר און נאָך קאָנפוציוס — כינאַ און די אידען אין אַלטערטהום — די לעצטע כינעזישע אידען.

ווען מען וויל א ווייל נאָכטראַכטען אַז אויף דעם ערד־קוגעל וואָס פערנעהמט א שטח פון 225 טויזענד מייל געפינען זיך 15 הונדערט מיליאָן מענשען, און אַז צווישען זיי פערנעהמען דעם גרעסטען פּלאַץ די כינעזער, וועלכע זיינען איבער 400 מיליאָן אין צאָהל, מוז מען איינפאַך איבערראַשט ווערען ווי ווייניג מיר אייראָפּעער און אַמעריקאַנער זיינען בעקאַנט מיט דיזע גרויסע כינעזישע נאַציאָן וועלכע האָט איהרע זאָנדערבאַרע געזעטצע, מנהגים, מאָראַל, רעליגיאָן, שפּראַך, קולטור־אינסטיטוציאָנען, מעלות און חסרונות!

אונזער ציוויליזירטע וועלט אינטערעסירט זיך נור דאַן מיט כינאַ און די כינעזער ווען דאָרט קומט פאָר עפּעס א גרויסע מלחמה, א דיפּלאָמאַטישע איבערקעהרעניס אָדער א שטורמישע רעוואָלוציאָן ווי די איצטיגע, ווען עס פאַלען אַרונטער די צעפּ, אָפּטמאָל מיט די קעפּ צוזאַמען. אין דיזען אַרטיקעל וויל דער שרייבער געבען א קורצען בליק אויף כינאַ און די כינעזער. אָבער צוערשט וועלען מיר זיך אָבשטעלען וועגען די ריכטיגע אורזאַכע וואָס האָט אַרויסגערופען די יעצטיגע איבערקעהרענים געגען דעם כינעזישען טהראָן.

## 1. — כינעזער און מאַנדשום.

אין כינאַ געהט שוין לאַנג אָן א שטילער קאַמפּף צווישען כינעזער און מאַנדשום. פיר די מייסטע פון אונז האָבען אַלע מאָנגאָלען איין פּנים, אין מאַנכע לעזער, זאָגאַר ציעמליך געבילדעטע אַמעריקאַנער, האָבען אימער צוזאַמענגעמישט כינעזער מיט מאַנדשום, פּונקט ווי זיי מישען יעצט צוזאַמען טערקען מיט אַראַבער אין טריפּאָלי און אין ירושלים. דער אמת איז אָבער אַז פּונקט ווי די אַראַבער זיינען בעזיעגט געוואָרען מיט יאָהרען צוריק פון טערקען, צו וועמען זיי האָבען נאָך יעצט א האַס, דאָס זעלבע האָבען די כינעזער א שנאה פון הארצען געגען די מאַנדשום וועלכע בעהערשען כינאַ זייט 300 יאָהר. ווי אַזוי דאָס איז דאַן געשעהען? מיט 300 יאָהר צוריק, ווען דער קייזער פון די לעצטע מינג דינאַסטיע האָט געהערשט איבער כינאַ, האָט אויסגעבראָכען א רעוואָלוציאָן אין לאַנד, און די כינעזישע רעגיערונג איז געווען אַזוי הילפלאָז אַז זי האָט געבעטען די מאַנדזשום — טאַרטאַרען פון וויטען נאָרד — אַז זיי זאָלען קומען העלפען בריינגען אָרדנונג אין כינאַ. דיעזע טאַרטאַרען אָדער מאַנדזשום האָבען אָנגענומען די

שליהות: זיי זיינען געקומען און האָבען געבראַכט „אָרדנונג“ — ווי אזיאַטען פון יענער צייט האָבען אויסגעטייטשט דעם וואָרט „אָרדנונג“ — אָבער זיי האָבען פערגעסען צו פערלאָזען דאָס לאַנד נאָכדעם ווי זיי האָבען זייער ארבייט אָבגעטהאָן! אדרבא, זיי האָבען אָנגעפאַנגען א נייעם בלוטיגען קאַמפּף צו געווינען דעם כינעזישען טהראָן פאַר זיך. און זיי זיינען טאַקע געבליבען די הערשער. אין יאָהר 1643 האָבען די מאַנדשוס פּראָקלאַמירט זייערען אן אייגענעם פּרינץ אַלס קייזער פון די נייע מאַנדשו דינאַסטי, און דער יעצטיגער פינף־יעהריגער קייזער’ל פּו־יאַי איז דער צעהנטער מאַנדשו הערשער זייט די טאַרטאַרען פון נאָרד האָבען פערכאַפּט דעם טהראָן ביד חזקה.

דיזע קורצע היסטאָרישע ערקלערונג איז גאַנץ גענוג פאַרוואָס די כינעזער קענען ניט ליידען זייערע זיעגער און וואָס עס האָט ארויסגערופען די יעצטיגע שוידערהאַפטע רעוואָלוציאָן אין דאָס לאַנד וואָס האָט די גרעסטע בעפעלקערונג פון דער וועלט, א רעוואָלוציאָן וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אָבשערען די צעפּ און האָט זיך געענדיגט מיט אָבגעהאַקטע קעפּ.

ערשט מיט א יאָהר צוריק האָט געקאָכט אין דער וועלט וועגען די נייע רעפאָרם אין כינא אז די איינוואָהנער מעגען אָבשערען זייערע לאַנגע צעפּ. מען האָט דאָן געמיינט אין אייראָפּא און אַמעריקא אז דיזע צעפּ־רעפאָרם איז ניט מעהר ווי א טריט נעהענטער פאַר כינא אָנצונעהמען די מנהגים און מלבושים פון אונזער ציוויליזאַציאָן. אָבער א טעות! אין דעם חרם געגען די צעפּ איז געלעגען א גאַנץ אַנדער סוד: די כינעזער אין די אַלטע צייטען האָבען ניט געוואוסט פון טראָגען צעפּ, נאָר די מאַנדשוס וועלכע האָבען זיי בעזיעגט מיט 300 יאָהר צוריק, האָבען אריינגעבראַכט דיעזען מנהג מיט גוואַלט, און דאַרום איז געוועזן דער ערשטער סיגנאַל פון די כינעזישע רעוואָלוציאָנערען צו פערלירען דיעזע פערשאָלטענע צעפּ — דער שטעמפּעל פון גלות! אָבער די מערקווירדיגע זאַך איז וואָס מיליאָנען כינעזער, אָרטהאָדאָקסיש געזאָנען, זיינען אויך היינט געגען די גזרה פון אָבשערען די צעפּ, ווייל דער גלות האָט זיי צוגעוואָהנט צ וקוקען אויפ’ן צאָפּ ווי אויף א סימבאָל פון פּאַטריאָטיזם, נאָך מעהר ווי ביי א פרומען חסיד די געקרייזעלטע פּאות. אָט דיעזע פערבלענדעטע פּאַטריאָטען פערגעסען נאָך היינט אז די גזרה פון די צעפּ איז בעשאַפען געוואָרען פון די מאַנדשוס כדי די זיעגער זאָלען קענען לייכט אָנכאַפּען זייערע פערשקלאַפּטע כינעזער און זיי פיהרען צום טויט! די זעלבע זאַך האָבען די מאַנדשוס איינגעפיהרט די באַרבאַרישע מאָדע אז כינעזישע מיידלאַך מוזען האָבען קליינע פיסעלאַך דורך קוועטשען מיט מאַשינעס ווען זיי ליגען נאָך אין וויגעלע — כדי זיי זאָלען שפּעטער ניט קענען אַנטלויפען פון די יעניגע וועלכע האַלטען זיי פערשלאָסען פאַר זייער אייגענע עולם־הזה. אזוי איז אימער געווען מיט די פערבלענדעטע מענשהייט כמעט ביי אַלע ראַסען צו קוקען אויף דעם מענשען’ס קללה ווי אויף א זיסע ברכה פון הימעל! האָבען מיר ניט איבעראַל מענשען וועלכע ווערען שקלאַפען צו זייער אייגענער שקלאַפעריי?

## 2. — דריי קללות פון די כינעזער.

עס זיינען דאַ ווייניג פעלקער וואָס זיינען אַזוי עהרליך, מאָראַליש און טהעטיג ווי די כינעזער. ווען רייכע סוחרים אין יאַפּאַן אָדער אין אינדיען ווילען האָבען אַ פּעהיגען מאַן אויף וועמען מען קען זיך פערלאָזען, גיבען זיי דעם פּלאַץ בעסער צו אַ כינעזער וועלכער איז בעקאַנט אין אָריענט און איבעראַל אַלס אַ מוסטער פון עהרליכקייט. זיי ארבייטען ווי פערד, זיי לע־בען זעהר קאַרג, זיי זיינען שטיל ווי טויבען (און צוליעב דיעזע מעלות לאָזט מען זיי ניט אריין ביי אונז אין די פעראייניגטע שטאַאטען, ווייל מען האָט מורא פאַר מענשען וועלכע ארביימען 18 שטונדען אין מעת־לעת און לע־בען מיט 2 דאָלאַר אַ וואָך). אַז זיי זיינען אויך גרויסע ארטיסטען איז גע־נוג אָנצוקוקען זייערע אַרטיסטישע וואַזעס פון טויזענדע יאָהרען צוריק, זייערע פּאָרצעלאַיענע און בראָנזענע סטאַטועןן, זייערע גאָלד־אויסגעוועבטע בילדער אויף זיידענס, און זייער עסטהעטישער געשמאַק געהט אַזוי ווייט, אַז זיי האָבען פערוואַנדעלט אין אַ קונסט זאָגאַר די גראָבע ארבייט פון וואַשען וועש, און דאַרום קען דער אַמעריקאַנער ניט קאָנקורירען מיט די כי־נעזישע „לאונדרים“, אָדער וועשערייען. די כינעזער וואָלטען אַלזאָ געווען אַ מוסטער־נאַציאָן ווען ניט דיזע דריי קללות אין זייער פערגאַנגענהייט:

1) זייער רעליגיעזע דיענסט צו פערגעטערן זייערע אור־אור־עלטערן, אַז אַלעס וואָס זייערע עלטער־זיידעס האָבען געזאָגט אָדער געטהאָן איז קודש־קדשים. ווען מענשען האַלטען שטענדיג די אויגען געריכטעט צוריק אויף דער פערגאַנגענהייט אַנשטאָט צו בליקען אויף דער צוקונפט, מוזען זיי איינשלאָפען אין פערשקלאַפונג און אונוויסענהייט.

2) כינאַ'ס צווייטע קללה איז געווען אָפּיום וואָס טויטעט ביי דעם מענשען זיין אַמביציאָן צו שטייגען העכער און מאַכט איהם ער זאָל צו־פרידען זיין מיט אַלעס, אַז ער זאָל אָנקוקען יעדען אונגליק מיט אַ מין אַז־יאַטישען „גם־זו־לטובה“. אַלע גרויסע ערפינדונגען וואָס מיר האָבען זיינען געקומען פון דעם מענשען'ס אונצופרידענהייט מיט דעם וואָס ער האָט, און דיזע שטענדיגע אונצופרידענהייט האָט אונז געטריבען צו באַהנען, טע־לעגראַפען, מאַשינעריע און אַלעס וואָס האָט געקרוינט אונזער ציוויליזאַצ־יאָן. אָבער די כינעזער זיינען ניט ווייטער געגאַנגען, ווייל אָפּיום האָט זיי פערשלעפערט אין אַ זיסען הינהער־פלעט פון „אויך־מיין־דאגה“, וואָס מאַכט אימער אַ תל פון פּראָגרעס.

3) די כינעזישע פילאָזאָפיע איז אימער געווען אַ נעגאַטיווע, דאָס הייסט: וואָס מען זאָל נ י ט טהאָן, ווי מען זאָל נ י ט לעבען, וואָס מען זאָל נ י ט זאָגען, נ י ט טראַכטען. אָבער דיעזע כינעזישע אי־דעאַלען זיינען זעהר אָרים אין פּאָזיטיווע פילאָזאָפיע, דאָס הייסט: גע־וויסע זאַכען וואָס מען זאָל יאָ טהאָן, וואָס מען זאָל יאָ לערנען א. ז. וו.

דאָס אַלעס איז געווען אַמאָל, אָבער יעצט האָבען די כינעזער געעפענט זייערע אויגען ווי אַ ריעז וואָס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף. כינאַ האָט זיך נאָך ניט אין גאַנצען אויפגעכאַפּט פון איהר הינהער־פלעט, אָבער זי ט ש ו־

כ ע ט זיך שוין, און די ערוואַכונג וועט קומען, ווייל די כינעזער האָבען היינט צייטונגען איבעראַל, זייער ליטעראַטור ווערט פאראייִדעלט און זיי האָבען מעהר קיין מורא אָנצונעהמען אַלע גוטע זאַכען, ערפינדונגען און סיסטעמען פון אונז ווייסע מענשען, וועמען זיי האָבען אימער גערופען „פאַן־קוויי“ (ווייסע שדים). דער המון פון די כינעזער גלויבט נאָך עד היום אַז טיעף אונטער דער ערד דרעמילט אַ גרויסע בעסטיע, אַ מורא׳דיגער „דראַגאָן“ און אַז עס איז די גרעסטע סכנה אויפצוּוועקען דיעזען דראַגאָן, ווייל ער קען נאָך חלילה איבערקעהרען אונזער ערד־קוגעל אין דעם אונענדליכען תהום פון תהו־ובהו. דאָס איז די אורזאַכע פאַרוואָס די כינעזישע פויערים האָבען אַ צייט ניט געלאָזט מאַכען קיינע אייזענבאַהנען, קיינע טעלעגראַפען, ניט גראָבען קיינע טונעלען אָדער מינעס, ווייל דאָס קען חס־ושלום שטערען די גרויסע בעסטיע אונטער דער ערד און איהר אויפוועקען פון איהר שלוּמער. אי, פון וואַנען ווייס עס דער כינעזער? זיין זיידע האָט עס געהערט פון זיין עלטער־זיידען — און רעספּעקט צו די לעהרע וואָס קומט פון הייליגע קברים!

דער שלאָפעדיגער דראַגאָן האָט דאָך ערוואַכט פון זיין דרעמיל, אָבער דיעזער דראַגאָן איז די כינעזישע נאַציאָן אַליין. בילדונג האָט אויפגעוועקט די גרויסע כינעזישע נאַציאָן וועלכע זוכט צו געניסען די פרוכט פון ציוויליזאַציאָן מיט׳ן שווערד אין האַנד!

## 3. — רעליגיאָן און קבלה ביי כינעזער.

דער לעזער וועט געוויס ניט האָבען קיינע טענות צו מיר פאַרוואָס איך שטעל זיך ניט אָב אַביסעלע לייגנער וועגען די פערשיעדענע זאַכען וואָס איך בעהאַנדעל, ווייל מיט׳ן בעסטען ווילען אין דער וועלט איז מיר אונמעגליך אַריינצוקוועטשען זאָגאַר אין איין גאַנצען בוך אַלעס איבער כינאַ, און בפרט־נאָך אין אַן אַרטיקעל פיר אַ יאָהר־בוך. לויט די געוויסע צאָהל בלעטלאָך וואָס דער רעדאַקטאָר האָט מיר ערלויבט. דיעזער קאַפּיטעל אַליין איבער די רעליגיאָן און קבלה ביי די כינזערע וואָלט בעדאַרפט פערנעהמען מינדעסטענס 200 זייטלאָך, ווען מען זאָל עס בעהאַנדלען זאָגאַר בקיצור, אָבער עס פאַלען אַוועק די טענות ווען מען האָט אין זינען אַז דאָס איז בלויז אַן אַרטיקעל פיר אַ יאָהר־בוך.

די הויפּט רעליגיאָנען אין כינאַ זיינען קאָנפוציאָניזם, בודהיזם, טאַאָאיזם — און אויך מאַהמעדאַניזם אין די נאָרד און וועסט פּראָווינצען. די רעליגיאָן פון בודהאַ איז געבראַכט געוואָרען אין כינאַ אין דער צייט פון חורבן בית שני. אין דיעזען קאַפּיטעל וועלען מיר זיך אָפּשטעלען בלויז וועגען די נאַציאָנאַלע רעליגיאָן פון קאָנפוציוס, אָדער ווי די כינעזער רופען איהם קאָן־פו־טצע, דער בעריהמטער פילאָזאָף, וועלכער האָט געבליהט אַ פינף הונדערט יאָהר פריהער פאַר׳ן גרינדער פון קריסטענטהום, ווען כמעט גאַנץ כינאַ איז געווען געזונקען אין גזלה, רציחה און אַלערליי מעשים תעתועים. ער האָט אָנגעפאַנגען זיין קאַריערע אַלס לעהרער און אין אַ קורצע צייט

האָבען זיך אָן איהם אָנגעשלאָסען ביז 3000 תלמידים, זיינע נאָכפאָלגער, און ער פלעגט אימער אָנפאַנגען זיינע דרשות מיט פּאָעטישע מאַקסימען, ווי למשל, זיי רעדע איבער'ן מענשענ'ס לעבען וואָס פאַנגט אָן אַזוי:

דער גרעסטער בארג מוז צוזאמען פאַלען,
דער שטאַרקסטער מאַרמאָר זייל מוז ברעכען —
דער גרעסטער חכם מוז פערגעהן ווי א בלום.

קאָנפוציוס האָט קיין מאָל ניט בעהויפּטעט אַז ער איז בעגייסטערט מיט רוח־הקודש, אַז ער האָט א געטליכע שליחות. ער האָט אַרויסגעטרעטען אַלס פילאָזאָף, אַלס וועג־ווייזער און מאָראַליסט. פיעלע פון זיינע פּסוקים האָבען נאָך היינט א שעהנע מיינונג, און מאַנכע פון זיי זיינען זאָגאָר לעבע־דיגע פּערל, ווי למשל די פאָלגענדע שפּריכע:

„דער אמת גרויסער מאַן זוכט די מעלות וואָס פעהלען איהם אַליין, אָבער דאָס קליין מענשעלע זוכט שטענדיג די מעלות וואָס יענער האָט ניט.“

„דער וואָהרער גרויסער מאַן איז ניט דער וועלכער לייגט זיין הסכמה אויף גרויסקייט דערפאַר וואָס איינער האָט א גלאַטען צינגעל אָדער ער קען שרייבען שעהנע ווערטער וואָס זאָגען גאָר ניט, נור דער יעניגער וועלכער רעדט עפּעס יעדעס מאָל ווען ער זאָגט וואָס, וועלכער טהוט מעהר וויפיעל ער רעדט.“

„ווען איינער לערנט א סך חכמות, אָבער ער פערדייהט זיי ניט דורך נאָכדיינקען ערנסט, איז זיין לערנען אומזיסטע אַרבייט. וויעדער גלאַט פילאָזאָפירען ווען מען האָט ניט געלערנט פערפיהרט דעם זאָגענאַנטען דיינקער אויף א פאַלשען וועג.

„א מענש וועלכער איז פאַרזיכטיג איידער ער טהוט עפּעס, פערשפּאָרט חרטה צו האָבען נאָכדעם ווי ער האָט שוין אָבגעטהאָן.“

כינאַ האָט שוין געהאַט א ציעמליך אינטערעסאַנטע ליטעראַטור א לאַנגע צייט פאַר קאָנפוציוס, א ליטעראַטור וואָס איז בעשטאַנען פון לע־גענדען, פּאָעמעס און איבערהויפּט אָבהאַנדלונגען איבער רעליגיאָן וואָס זיינען געווען זעהר דונקעל, וואָהרע קבלה, איבער דעם אורשפּרונג פון דער וועלט, איבער דעם אָנפאַנג פון גאָטהייט און עהנליכע איבערנאַטירליכע פראַגען וואָס האָבען געמאַטערט די מעטאַפיזיקער פון אַלע צייטען, פון איוב ביז קאַנט. ווי קאָנפוציוס איז ערשיענען האָט ער אָנגעפאַנגען אויס־טיימשען די דונקעלע קלאַסיקער און ער האָט זיך בעמיהט אויך צו ערקלעה־רען דאָס וואָס איז אונערקלעהרליך. ער האָט געשריבען א הקדמה צו דעם בוך שו־קינג (דאָס בוך פון מעשי בראשית). ער האָט רעדאַקטירט און אויס־געבעסערט די שי־קינג (פּאָעמעס פון אַלטערטהום) וואָס ענטהאַלטען 305 פּיוטים וועגען גאָטהייט, נשמה, ליעבע און נאַטור. א בוך וואָס קאָנפוציוס האָט אַליין געשריבען איז טשון־טינג (פריהלינג און הערבסט) וואָס די כינעזער קוקען ווי אויף זיין גרעסטע מייסטערשטיק. עס בעהאַנדעלט היס־טאָרישע פראַגען געמישט מיט פילאָזאָפישע חקירות וועגען היסטאָריע און אמונה. ווען מען בעטראַכט ווי לאַנג צוריק דיעזער מאַן האָט געלעבט מוז מען צוגעבען, אַז ער איז געווען א גדול אין וואָהרען זין פון וואָרט, און עס איז ניטאָ וואָס זיך צו וואונדערען וואָרום הונדערטע מיליאָנען מענ־

שען פערבייגען זייערע קעפּ מיט רעספּעקט נאָך היינט פאַר דיזען פילאָ־זאָף און געזעטץ־געבער וועלכער האָט פעראייניגט ביז אַ געוויסע מאָס אַ שעהנעם געשמאַק אין ליטעראַטור מיט פילאָזאָפיע, פּאָליטיק און רעליג־יאָן.

## 4. — כינאַ און די אידען.

כינאַ, וואָס רופט זיך אויך „דאָס קייזעררייך פון הימעל“, איז געווען בעקאַנט אין אייראָפּאַ אין אַלטערטהום אונטער דעם נאָמען צערעס, אָבער אין מיטעל־אַלטער אונטער דעם נאָמען קאַטהע — און אין רוסיש ווי אויך אין די אַנדערע סלאַווישע שפּראַכען הייסט נאָך יעצט דאָס לאַנד „קיטאַי“, ווי די אייראָפּעער האָבען עס גערופען אין מיטעל־אַלטער. מאַנ־כע פילאָזאָפען דיינקען אַז „ארץ־סינים“ פון ישעיה מ“ט, מיינט דאָס לאַנד פון די כינעזער, דאָס וואָס שיינט זעהר מעגליך לויט דעם צוזאַמענהאַנג פון פסוק.

אַז אידען האָבען זיך בעזעצט אין כינאַ מינדעסטענס מיט צוויי טוי־זענד יאָהר צוריק, איז היינט בעוויזען געוואָרען היסטאָ־ריש. די אידען הייסען אין כינעזיש טשו־הו, וואָס אַנ־דערע פילאָלאָגען מיינען אַז דאָס איז אַ פערגרייזטער וואָרט פון „יוהוד“, אָבער וואָס איך גלויב אַז דאָס מיינט גיכער די גלויבער אין גאָט יהו, ווי מען האָט אין אַלטערטהום איבערגעשריבען דעם שם המפורש, — נאָר ווי די זאַך איז האָט די היסטאָריע אין מיטעל־אַלטער ניט געוואוסט פון דער עקזיסטענץ פון אידען אין כינאַ, ערשט אין אָנפאַנג פון 17טען יאהרהונדערט האָבען די יעזואיטען אויסגעפונען דורך אַ צופאַל די כינעזישע אידען אין קאַי־פענג־פו, און עס איז שוין געווים בעקאַנט צו די לעזער פון די טעגליכע צייטונגען וועלכע האָבען די לעצטע צעהן יאָהר מעהר ווי איין מאָל בעשריבען וועגען דיזע פליטת ישראל פון קאַי־פענג־פו, זייער בית המקדש, זייערע רעליגיעזע מנהגים, זייער בעשעפטיגונג, זייערע תפלות און ליטעראַטור. אַזוי ווי די קאַטהאָלישע מיסיאָנערען זיינען געווען די ערשטע וועלכע האָבען זיך בעקענט מיט אונזערע פערלאָרענע ברידער אין כינאַ, איז זיי געלונגען פיעלע צו טויפען, און ערשט אַם ענדע פון לעצטען יאהרהונדערט האָבען אידישע אָרגאַניזאַציאָנען זיך פעראינטערע־סירט מיט די אידען פון קאַי־פענג־פו. אָבער זייער צאָהל ווערט קלענער און קלענער, און זיי לעזען שוין אויף די בערג פון כינאַ זייער זאָנען־אונ־טערגאַנג. זיי ווערען ביסלאַכווייז אויסגעמישט מיט די כינעזער, צו וועמען זיי האָבען גרויסע עהנליכקייט.

אויב ישעיה האָט מיט „ארץ הסינים“ ווירקליך געמיינט כינאַ, איז דער נאָמען קיין קאָמפּלימענט פיר די כינעזער, ווייל „סין“ אין העברעאיש מיינט בלאָטע, דען „סין“ וואָס איז אַ שטאָדט אין מזרח־גרעניץ פון מצרים איז זעהר אַ זומפּיגער פּלאַטץ. אין אַראַביש פונקט ווי אין אַראַמיש הייסט דער זעלבער פּלאַטץ „טינאַ“, וואָס מיינט אויך בלאָטע. מיר האָבען ווידער

אין דער ביבעל דעם „מדבר סין", די וויסטענעס צווישען עלים און בארג סיני (שמות ט"ו, ו') און אין בראשית ר' 17 ווערט אויך דערמאַנט א קאָ־לאָניע מיט'ן נאָמען „סיני", וואָס איז געווען אין א זומפּיגען פּלאַטץ נעבען לבנון. ישעיה'ס „ארץ הסינים" מיינט אלזא „בלאָטע־לאַנד" — „בלאָטע־טאון" ווי אונזער פריינד תשר"ק רופט זיין פּיילעטאַן שטעדטיל — א וואָרט וואָס איז פון עכט העברעאישער אָבשטאַמונג און האָט וואהרשיינליך גאָר ניט צו טהאָן מיט'ן נאָמען „טשין", דער כינעזישער נאָמען פאר כינא.

איבריגענס, מאנכע אַלטע כינעזישע ווערטער זיינען אזוי דונקעל אז זאָגאר די היינטיגע גרויסע ליטעראַטען אין כינא האָבען שוין פערגעסען זייער מיינונג, און זיי ערקלערען פיעל נעמען און ווערטער מיט פּוסטע פּלפּולים, ווי עס טהוען אונזערע מחקרים מיט מאַנכע דונקעלע שטעלען אין אונזער העברעאישע ביבעל. יעצט קען מען זיך שוין לייכט פאָרשטעלען וועלכע קאָמישע ערקלעהרונגען מען קען ערוואַרטען ווען אזעלכע דונקעלע כינעזישע ווערטער פאַלען אריין ביי אייראָפּעאישע אָדער אמעריקאַנישע קאָרעספּאָנדענטען וועלכע שיקען אוים די נייעס צו כינא. מעהר ווי איין קאַבעל־דעפּעשע האָט א גאַנץ אַנדער זין ווי דער קאָרעספּאָנדענט מיינט, אָדער גאָר קיין זין, ווי איך האָב עס בעוויזען מיט פילאָלאָגישע איינצעלהיי־טען אויף דער עדיטאָריעלער זייט פון דער זאָנטאַג'ס אוסגאַבע פון די „ניו יאָרק סאָן" 22טען אָקטאָבער 1911.

## 5. — די אַלטקייט פון כינא.

28 דינאַסטים, וועלכע האָבען צוגעשטעלט 245 הערשער, דאַרונטער שוין דער יעצטיגער פינף־יעהריגער קייזער'ל פּו־יאַי, און ניט אריינגע־רעכנט די מעגדיג אין דער ליסטע יענע מיטהאָלאָגישע מאָנארכען וועלכע די כינעזער אַליין בעטראַכטען אַלס פאַבעלהאַפט — דיעזע אַלע פרינצען האָבען רע־גיערט איבער כינא באַלד 5000 יאָהר. דיעזע מערקווירדיגע אור־אַלטע נאַצ־יאָן קען צייגען מיט שטאָלץ אויף איהר טהראָן וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין די זעלבע צייט ווען אשור און בבל האָבען געהערשט אין אזיען, און וואָס האָט איבערגעלעבט אַלע סעמיטישע מאָנאַרכיען. אונטער דער צייט וואָס די כינעזישע מלכים האָבען געהאָלפען בויען דעם גרויסען מויער ארום גאַנץ כינא, א פעסטונג וואָס שטעהט נאָך היינט, האָבען אַנדערע אימפּעריעס זיך אויפגעהויבען, האָבען רעגיערט, אָבער זיי זיינען צוריק פערשוואונדען ווי זייף־בלאָזען. מען מוז זיי געהן זוכען ארום די פּיראַמידען פון מצרים, צווישען די פערשוואונדענע ציוויליזאציאָנען אין ביבליאָטהעק אָדער אין מוזעאום, — אָבער כינא שטעהט נאָך ווי זי איז געווען. די מעכטיגסטע מאָ־דערנע קעניגרייכען אין אייראָפּא זעהען אוים ווי עופה'לאך ווען זיי ווי־לען זיך מעסטען אין יאָהרען מיט כינא, דען וועהרענד זיי צעהלען זייער עקזיסטענץ אויף די הונדערטער יאָהרען, רעכענט כינא איהר עקזיסטענץ אויף ט ו י ז ע נ ד ע ר יאָהרען. וועהרענד איך שרייב דיזע ציילען — אָנפאַנג דעצעמבער — ווייס מען נאָך ניט גענוי ווי עס וועט זיך ענדיגען

די יעצטיגע רעוואָלוציאָן אין כינאַ. אָבער איין זאַך איז זיכער, אַז ווי דער קאַמפּף וועט זיך ענדיגען, וועט אַלץ כינאַ ארויסקומען געלייטערט, אויפגעקלעהרט און זי וועט בעסער קענען איהר מאַכט.

דער דראַגאָן ווישט די אויגען, דער שלאָפעדיגער ריעז האָט ערוואַכט.

דר. י. ראָטמאַן.

# אינדיווידואליזם אין דער נאַטור

מיט צעהן יאָהר האָט איינער א פּאַריזער פּראָפעסאָר שאַרל בישע גע־מאַכט א רייהע זעהר אינטערעסאַנטע ענטדעקונגען וועגען דער ווירקונג פון פערשיעדענע גיפטען אין קליינע דאָזען און אנדערע איינשפּריצונגען אויפ׳ן אָרגאַניזם פון מענשען און חיות. אין די לעצטע יאָהרען זענען בישעס ענטדע־קונגען פאָרטגעזעצט געוואָרען פון צוויי אַמעריקאַנישע געלעהרטע פון וואַ־שינגטאָן ראָזענאָ און אַנדערסאָן; אויך אין דייטשלאַנד האָט מען זיך מיט זיי פיעל אָבגעגעבען און אויסגעפונען נייע פאַקטען. די אַלע פאַקטען, אַלטע און נייע זענען אויף אַזוי פיעל אייגענאַרטיג אַז זיי פערדיענען צו ווערען בעקאַנט געמאַכט דעם אַלגעמיינעם לעזער חוץ דעם פיהרען זיי צו געוויסע בעטראַכטונגען און בעשטעדיגען אויף גאָר אַן אונערוואַרטענדען שטייגער בעקאַנטע טעאָריעס.

די וואָס גלויבען אין דער צוועקמעסיגקייט פון דער נאַטור גלויבען אויך אַז זי — די נאַטור — האַלט אין זינען צו בעשיטצען דעם וואוילשטאַנד פון גאַטונג און פון איינצעלנעם. דאַרווינס לעהרע וועגען צופאַסען זיך בעשטע־טיגט דעם בליק, אויך בעשטעטיגט איהם די מעגליכקייט פאַר דער מעדיצין צו געפינען מיטלען, ווי פּאָקען אימפּונג, פּאַסטאַר׳ס איינשפּריצונגען, צו פער־היטען דעם אָרגאַניזם פון פערשיעדענע עפּידעמישע קראַנקהייטען. נאָך עט־וואָס, געפעהרליכע גיפטען, וואָס זענען אימשטאַנד גאַנצליך צו צערשטערען דעם אָרגאַניזם ווען זיי ווערען אריינגעפיהרט אין איהם צום ערשטען מאָל, ווערען אונשעדליך אויב דער אָרגאַניזם געוואוינט זיך צו זיי צו ביסלעכווייז, אַלעמען איז בעוואוסט די מעגליכקייט צו פערגרעסערען שריט ביי שריט די דאָזע פון מאַרפי, אָדער אָפּיום ביז אַזאַ גרויסע, וואָס וואָלט פעראורזאַכט דעם טויט ווען דער אָרגאַניזם וואָלט נישט געווען דורך דער געוואָהנהייט צום גיפט פון איהם געשיצט. אין דער געשיכטע דערצעהלט זיך וועגען מיטרידאַס דער קעניג פון פּאָנט וואָס האָט זיך געהאַט צוגעוואוינט מיט א כיון צו אַלע גע־פעהרליכע גיפטען, כדי זיך צו פערהיטען פון די רויבער, פאַר וועלכע ער האָט זיך געשראָקען אַז זיי האָבען די אבזיכט איהם צו פערגיפטען. דער צושטאַנד פון אָרגאַניזם, וואָס איז דורך איינאימפּונג אַזאַ איינשפּריצונגען, דורך גע־וואָהנהייט אָדער דורך צופּאַסען זיך געשטיצט געגען קראַנקהייטען און טויט,

אט דער גינסטיגער צושטאנד ווערט אין דער וויסענשאפט בעצייכענט מיט דעם טערמין פילאקסי אדער פראפילאקסי.

איצט האט דער פראפעסאר בישע ענדעקט אז ס'איז פאראן א פער־קעהרטער צושטאנד פון ארגאניזם, ווען ער איז נישט נור געשיצט נור אונטערוואָרפען נאך א גרעסערער סכנה אט דער צושטאנד פון סכנה האט ער אנגערופען אנאפילאקסי, און די אלע ענטדעקונגען און פאקטען פון וועלכע מיר ווילען רעדען בעציהען זיך צו אנאפילאקסי.

לויט בישעס בעאבאכטונגען האט זיך ארויסגעוויזען אז די איינפיה־רונג פון א געוויסען גיפט, וואס מען בעקומט פון א ים־בעשעפעניש, עהנ־ליכעס צו א מעדוזע ברענגט דעם ארגאניזם אין צושטאנד פון אנאפילאקסי. דער דאזיגער גיפט ווען ער ווערט איינגעשפריצט צום ערשטען מאל אין א געוויסע דאזע האט קיין שום שעדליכע ווירקונג נישט. צום צווייטען מאל אבער אין א צייט לאנג ארום אין א סך א קלענערע דאזע פעראורזאכט דעם טויט.

א געזונדען הונד איז איינגעשפריצט געווארען צעהן גראם פון דעם דא־זיגען גיפט און דער געזונדם צושטאנד פון הונד האט זיך נישט געענדערט. ער איז געבליעבען לוסטיג האט געגעסען, געבולען ווי שטענדיג אבער די איינפיהרונג פון בלויז איין האלבען גראם פון דעמזעלבען גיפט אין צוויי חדשים ארום האט איהם געטויטעט. מען קען זאגען, אז בלייבענדיג פאל־שטענדיג געזונד האט זיך דער ארגאניזם פון הונד אין גאנצען געביטען אין בעצוג צו דעם גיפט; און צווישען צייט פון דער ערשטער און צווייטער איינשפריצונג איז ער געווען אין צושטאנד פון אנאפלאקסי. געוויס, נישט דאס וואס צו די פריהעריגע צעהן גראם איז צוגעקומען נאך א האלבער גראם האט געפיהרט צום צערשטערונג פון גאנצען ארגאניזם. ווען אפילו די ערשטע איינשפריצונג וואלט געווען נור צוויי גראם וואלטען צוויי מיט א האלב גראם אין צוויי מאל איהם געטויט, ווערענד צעהן אויף איין מאל זענען געווען אונ־שעדליך.

נישט בלויז גיפטען, נור זאגאר שטאפען וואס זענען פערהעלטניסמעסיג גאר נישט שעדליך ווערען געפעהרליכע גיפטען צום צווייטען מאל, צוליעב דעם וואס זיי פעראורזאכען אנאפילאקסי. די בלוט־פליסיגקייט, פון וועלכע־עס ווערט ארויסגענומען די רויטע און ווייסע קייקלעך — סערום סאנגיאום— קען פון איין ארגאניזם אריינגעבראכט ווערען אהן שאדען אין א צווייטען אין קוואנטיטעט אפילו פון פופציג גראם, צום צווייטען מאל אבער, אפילו אין א יאהר ארום, געניגען בלויזע פינף גראם צו פעראורזאכען דעם טויט.

דערהויפט אונטערווארפען דעם צושטאנד פון אנאפילאקסי האט זיך ארויסגעוויזען, לויט די בעאבאכטונגען פון די אמעריקאנישע פראפעסארען ראזענא און אנדערסאן, דער קאבאיע אדער אינדישער שוויין. אין דעם אינ־דישען שוויין האט מען איינגעשפריצט סערום וואס איז גענומען געווארען פון א פערד, פון א הונד אדער פון א קאץ און ס'האט זיך ארויסגעוויזען אז 5 גראם צום ערשטען מאל ווירקען נישט אויף זיין געזונד, צום צווייטען

מאָל אָבער ווערט ער געטויטעט פון א פינטוויזענד חלק פון דער ערשטער איינשפּריצונג, פון איין מיליגראַם פון דעמזעלבען סערום. און נישט נור סערום די איינשפּריצונג פון מילך, פון מוסקלען אַן מארך עקסטראַקט ווירקען אויך אזוי דערביי מוז מען בעמערקען, אַז בלויז איינשפּריצונגען קענען זיין שעדליך נישט ווען זיי ווערען אריינגענומען דורך די נאַהרונגס־אָרגאַנען.

אַן אינטערעסאַנטען פאַל פון אַנאַפילאַקסי ווייזט ארויס די איינשפּריצונג פון טובערקולין אין א טובערקולעזען אָרגאַניזם. טובערקולין האָט ענטדעקט ראָבערט קאָך, דער זעלבער וואָס האָט דער ערשטער דערזעהן די טובערקולעזע מיקראָבען. מיט דעם עקסטראַקט פון די מיקראָבען מיט דעם טובערקולין האָט קאָך צוערשט געמיינט צו בעשיטצען און צו היילען געגען טובערקולאָז. עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזען אַז אויף געזונדע ווירקט דער טובערקולין גאָר ניט, קראַנקע אָבער זענען אין בעצוג צום טובערקולין אין צושטאַנד פון אַנאַפילאַקסי. די איינפיהרונג פון טובערקולין פערערגערט דאַרום זייער לאַגע. איצט ווערט טובערקולין שוין געברויכט נישט אלס א בעשיצונגס־מיטעל ווי פּאָקען אימפּונג אָדער פּאַסטאָר'ס איינשפּריצונגען, און ניט אויף צום היילען מיט איהם, נור כדי צו שטעלען דורך איהם דעם דיאַגנאָז, אָבוואָהל נישט ביי מענשען בלויז נור אין ווערטעגאַרישע מעדיצין. אויב, צום ביישפּיעל, עס איז נויטיג צו דערגעהן ווער פון א גאַנצע צאָהל קעלבער זענען טובערקולאָזע, ווערט אין זיי אַלעמען איינגעשפּריצט דער טובערקולין און אזוי ווי טובערקולאָזע זענען אין צושטאַנד פון אַנאַפילאַקסי אין בעצוג צום טובערקולין, ווירקט די איינשפּריצונג אויף זיי שעדליך: זיי בעקומען גרעסערע היץ א. א. וו. די אויף וועלכע עס ווירקט נישט זענען, הייסט עס געזונד. אָבער מיר וועלען אונז נישט אָבשטעלען לענגער אויף די פּראַקטישע אָדער וויסענשאַפטליכע אַנוועגדונג פון דעם פּראָפעסאָר בישעס ענדעקונגען מיר וועלען איבערגעהן צו די אַלגעמיינע געדאַנקען צו וועלכע זיי פיהרען.

דאָס ערשטע וואָס מיר וועלען איינזעהן איז, אַז ערפאַהרענדיג פון אַנאַפילאַקסי דערוויסען מיר איז אויך אַז דער אָרגאַניזם פון יעדען איינצעלען קען זיך נישט מערקבאר אָבער דאָך זעהר וועזענטליך אונטערשיידען פון דעם אָרגאַניזם פון א צווייטען פון דערזעלבער גאַטונג.

ווירקליך, אויב איין מיליגראַם פון אַן אונשעדליכען שטאָף קען טויטען דעם איינצעלען קאַבאַיע וואָס האָט זייט צוויי חדשים בעקומען איין איינשפּריצונג, און טויט נישט יענע וואָס האָבען נישט בעקומען, מוזען מיר זאָגען אַז דער איינגעשפּריצט קאַבאַיע אָבוואויל ער איז פריש און געזונד ווי אַלע אַנדערע, האָט איצט גאָר אַן אַנדערען אזוי צו זאָגען אָרגאַנישען כאַראַקטער ווי די איבריגע, זיין אָרגאַנישער הויפּט כאַראַקטעריסטיק איז די אַנאַפילאַקסי צו דעם סעריום פון פערד אָדער פון הונד. אָבער דער צושטאַנד פון אַנאַפילאַקסי ווערט נישט נור קינסטליך ארויסגערופען דורך איינשפּריצונגען, אמאָל ווי מיר האָבען געזעהען ביי טובערקולאָזע צום טובערקולין איז ער פערורזאַכט דורך קראַנקהייטען. פון אַנאַפילאַקסי קען מען נישט ערפאַהרען

פריהער איידער עס ענדיגט זיך נישט טראַגיש אָדער שעדליך, ווען עס טרעט אַריין אַ צווייטער מאָמענט, ביז דענסטמאָל איז דער אָרגאַניזם אין אַנאַפּי־לאַקסי דערזעלבער ווי אָהן איהר. דעריבער קענען מיר זאָגען אז פון אַלע וואָס זענען אפילו פּאָלקאָם געזונד זענען פאַרהאַן זעהר פיעלע וואָס זענען אין צו־שטאַנד פון אַנאַפּילאַקסי צו פערשיעדענע שטאָפען. יעדער אָרגאַניזם איז אויף זיין שטייגער דורך זיין אַנאַפּילאַקסי גרינדליך געענדערט געוואָרען און אזוי ווי די אורזאַכען פון אַנאַפּילאַקסי זענען אויך די אַנאַפּילאַקסי צאָהלרייך, ד. ה. אַז אָרגאַנישע כאַראַקטערען זענען פּונקט אזוי צאָהלרייך ווי די פּסיכאָ־לאָגישע וואָס לאָזען זיך אויך אונטערשיידען דורך דעם וואָס יעדער איהם בע־זיצענדער אינדיווידיאום געפינט זיך אין אַן אַנדער צושטאַנד אויף אַריבער־צוטראָגען צוקינפטיגע מאָמענטען.

און מיט דעם איז אויך איינשטימיג דער בליק אויף דער נאַטור ווי אויף אַ בעזאָרגערין. אויפ'ן ערשטען בליק שיינט אַנאַפּילאַקסי צו זיין אַ בעוויז נעגען דעם, וויל אַנאַפּילאַקסי מיינט אונטערוואַרפען דעם אינדיווידיאום אַן איבעריגער גרויסער סכנה. אָבער ווען עס ווערט קלאָהר אַז די נאַטור האָט אַ העכערען בליק אויף דעם וואָס איז וואוילשטאַנד און וואָס פאַר אַ פּרייז מען קען פאַר איהם געבען, דענסטמאָל ווערט אויך קלאָהר אַז קיין ווידער־שפּרוך איז נישט פאַרהאַן.

פאַר דער נאַטור איז וויכטיג, אַז דער איינצעלער זאָל זיין געזונד און זאָל עקזיסטירען, אָבער נור ווען ער האַלט זיך אויף אזוי ווי ער איז געשאַפען געוואָרען אָדער ווי ער האָט זיך נאַטירליך ענטוויקעלט. געשעהט עס אָבער אַז ער נעהמט אין זיך אַריין פרעמדעס, ווען אַ האָז, למשל, בעקומט דעם סע־רום אָדער דעם מאַרק־עקסטראַקט פון אַ קאַץ גיט איהם די נאַטור די ערשטע השרעה; מיט איין מאָל סערום קען ער בלייבען דערזעלבער האָז פריש און געזונד און אויסלעבען זיינע יאָהרען, אָבער ווען ער וואָלט אונבעשטראָפט עס געקענט טהון אַ צווייטען און אַ דריטען מאָל וואָלט ער שוין אפשר גע־וואָרען אויס האָז, און כדי עס זאָל אזוי וואָס נישט געשעהן איז ער אונטער־וואָרפען די סכנה אין גאַנצען פערניכטעט צו ווערען.

אַלזאָ די נאַטור, וועלענדיג שיטצען, דערלויבט דעם איינצעלנעם אזוי גוט ווי די גאַטונג זיך צוגעוואוינען און צופּאַסען־זיך. פון דער אַנדער זייט אַר־בייט דער איינצעלנער זיך אויס אַן אייגענאַרטיגען אָרגאַנישען כאַראַקטער־וועלכען די נאַטור שטיצט אויך און שעצט זעהר הויך, אזוי הויך אַז זי איז בעסער צופריעדען ער זאָל אונטערגעהן איידער ער זאָל זיין אייגענאַרטיגהייט פערליערען.

אָט צוליעב דעם אַריסטאָקראַטישען בליק פון דער נאַטור אויפ'ן אינדי־ווידואום — אַ בליק וואָס איז אונז ליעב און טייער זענען מיר אליין געגאַנגען און דעם לעזער געפיהרט דורך די בעאָבאַכטונגען פון דער וויסענשאַפט.



# העבּרעאישע ליטעראטור
# אין מוסטערן

## פון ר' יהודא הלוי ביז ביאליק.

איבערטראָגען אין אידיש.

**א פארשטענדיגע אנטאלאגיע**

אין צוויי בענדער

**-:- פּאָעזיע און פּראזע -:-**

מיט ביאָגראפישע נאָטיצען און קריטישע אָבשאַצונגען.

**מיט א ביילאגע פון תלמוד און מדרש.**

צוזאמענגעשטעלט און רעדאגירט פון

## אברהם רייזען.

וועגען דעם טאָג פון ערשיינען וועט זיין געמאָלדען אין בעזונדערע אנאָנסען.

# די גאַנצע אידישע און העברעאישע ליטעראַטור אין רוסלאַנד און אַמעריקא פעראייניגט

ערקלערונג פון די זעקס גרעסטע אידישע פּאַבלישינג פירמאַס פון וואַרשא און ווילנא, וועלכע האָבען זיך פעראייניגט אין איין ריעזען־„צ ע נ ט ר אַ ל“, צו הויבען די אידישע ליטעראַטור פון ביידע זייטען ים.

## צו בוכהענדלער און לעזער אין די פעראייניגטע שטאַאַטען און קענעדע.

איהר זייט שוין געווים בעקאַנט געוואָרען דורך איניגע אידישע בלעטער אין נויאָרק אַז אין וואַרשאַ און ווילנאַ האָט זיך געגרינדעט אַ פעראייניגונג פון זעקס פון די גרעסטע אידישע פערלעגער — אָדער פּאָבלישערס ווי מען רופט עס היער — מיט דעם צוועק צו הייבען אונזער אידישע ליטעראַטור, וועלכע זיצט נעבאַך אויף'ן בראָך־שטוהל, דאָס הייסט אַז אונזער אידישע ליטעראַטור זאָל קענען נאָכהאַלטען דעם ריעזען־שפּרונג פון די לעזער וועלכע ווילען זיך בעקענען מיט די גייכטיגע בריליאַנטען פון אַלע גרויסע אידישע שריפטשטעלער.

צו דיעזען צוועק האָבען זיך פעראייניגט אונטער דעם נאָמען „צענטראַל“ די פאָלגענדע פערלעגער:

תושיה, פּראָגרעס, שרעבערק, שימין, השחר, „מענדעלע“.

דיזע פירמעס פון יענער זייט ים דאַרפען ניט פאָרגעשטעלט ווערן פאַר'ן אַמעריקאַנער בוכהענדלער אָדער זאָגאַר לעזער, ווייל זייערע נעמען זיינען שוין זייט לאַנג אַריבערגעשוואומען אַהער גאָר אָהן אַ שיף. דיעזע אַלע פערלעגער האָבען זיך אונטערגענומען אַרויסצוציעהן אונזער אידישע ליטעראַטור פון איהר יעצטיגען הינהער־פּלעט און איהר אויפהויבען אַזוי אַז זי זאָל קענען זיך פערגלייכען מיט די ליטעראַטורען פון אַנדערע פעלקער.

## די מעלות פון „צענטראַל“.

אַזוי ווי דיזער פּראָספּעקטוס איז גערינכטעט צו בוכהענדלער און לעזער אין אַמעריקאַ, ווילען מיר ניט זיך אָבשטעלען וועגען די גרויסע נוטצען וואָס דער „צענטראַל“ וועט ברייגגען פון יענער זייט ים; מיר ווילען נור בעריהרען אַזוי קורץ ווי מעגליך די פּרעכטיגע גייסטיגע און מאַטעריעלע מעלות וואָס דער „צענטראַל“ וועט ברייגגען צו אַמעריקאַנער לעזער און בוכהענדלער.

## וואָס דער לעזער וועט פּראָפּיטירען.

דורך די טהעטיגקייט פון אַזאַ מעכטיגען זעקס־פּאַכיגען פערלאַג, דורך די אַרבייט פון דיזע ביג־סיקס, וועלען אַלע גרויסע ליטעראַרישע פּראָדוקציאָנען שוין ממילא צוזאַמענקומען אויף איין אָרט, דאָס הייסט: דער קויפער וועט וויסען אַז ער געפינט אין „צענטראַל“ אַלעס וואָס אונזער אידישע ליטעראַטור פערמאָגט, אַלעס וואָס זי האָט געשאַפען ביז יעצט, ווי אויך

אַלעס וואָס אונזערע פעדער־אַרטיסטען וועלען שאַפען אין דער צוקונפט. אויסער די גייסטיגע אוצרות וואָס דער „צענטראַל“ אַליין וועט אַרויסגע־בען, וועט ער אויך האָבען די הויפט אַגענטורע פון אַנדערע אידישע פערלע־גער אין אַלע ווינקעלעך פון ציוויליזאַציאָן.

## וואָס דער בוכהענדלער וועט געווינען

דער בוכהענדלער וועט ניט דאַרפען זיך ווענדען צו צעהנדליגע פער־שיעדענע פּאַבלישערס בעזונדער פאַר זיין אָרדער, ווייל ביי דער „צענטראַל“ וועט ער קריגען אַלעס פון אַלע אויסגאַבען, און דער געווינס פאַר'ן בוכהענד־לער איז איבעריג צו שילדערן, פונקט ווי עס איז איבעריג צו פאַרבען אַ בלום.

## קאַטאַלאָגען אומזיסט.

דער „צענטראַל“ האָט שוין געדרוקט רייכע קאַטאַלאָגען שפּעציעל פאַר אַמעריקאַ מיט פּינקטליכע פּרייזען לויט די אַמעריקאַנער געלד, כדי אויס־צומיידען דעם מינדעסטען טעות. אין דיזע קאַטאַלאָגען וואָס מיר שיקען פריי צו יעדען, זיינען אויסגערעכענט איבער 600 אידישע ביכער פון „צענ־טראַל'ס“ אייגענעם פערלאַג. איבער 1000 העברעיאשע און אידישע לעהר־ביכער“ פון אייגענעם פערלאַג און איבער 2000 אידישע און אַזוי פיעל העברעישע ביכער פון פרעמדע פערלאַגען. אין „צענטראַל“ וועט מען גע־פינען דעם גרעסטען אויסוואַהל פון אידישע און העברעישע ליטעראַטור, העברעישע און אידישע מעטהאָדען, רעפערענס־ביכער ווי אויך די גרעסטע סעלעקשען פון אַלערליי קונסט־בילדער, ווינש־קאַרטען פון בעריהמטע אַר־טיסטען וואָס וועלען אייך בעקנען מיט די בלומען פון אידישען פאָלק, זיינע מאַהלער, פּאָעטען, מוזיקער, דיינקער, פּאַטריאָטען, פילאַנטראָפּען און מאַגנאַטען!

## דער שליח פון צענטראַל אין אַמעריקאַ.

צו פערווירקליכען די פּראָגראַמע פון „צענטראַל“ היער, האָט דער צענטראַל געשיקט איינעם פון זיינע מיטגליעדער, העררן שרעברעק, וועלכער איז יעצט היער צו אָרגאַניזירען אַ בראַנטש פון „צענטראַל“ פאַר אַמעריקאַ, אַז אַמעריקאַנער זאָלען געניסען פון דער ערפאַהרונג פון דיזע פעראייניגטע גרעסטע אידישע בוכהאַנדלונג פירמא אין דער וועלט.

## דער צענטראַל וויל קיינעם ניט שאַדען — נור פערקעהרט.

די אידישע פּאַבלישערס אין אַמעריקאַ וועלען שנעל זיך איבערצייגען אַז דער „צענטראַל“ קומט ניט אַהער קאָנקורירען מיט פּאַבלישער, נאָר פערקעהרט — גרעסער מאַכען דעם מאַרקעט פון ביכער פיר אַלעמען.

אכטונגספאָל,

דער „צ ע נ ט ר א ל“ פון די וואַרשע און ווילנע פעראייניגטע אידישע און העברעאישע פּאַבלישינג קאָ.

**The "CENTRAL Publishing Company,**
**169 East Broadway, New York.**

# מייזעל עט קאמפאני

## 424 גרענד סטריט, :: :: :: ניו יארק

## יודישער פערלאג פיר ליטעראטור און וויסענשאפט

הערבערט ספענסער : „די ערציהונג“
גייסטיג, מאראליש און קערפערליך, איבערזעצט דורך דר. י. מעריסאן. לייברערי עדישאן, פרייז 65 סענט, אין קאנטרי 85 סענט. פאלקס אויסגאבע, געבונדען, פרייז 35 סענט נעט. אין קאנטרי 45 סענט.

דר. ח. זשיטלאווסקי : „די פילאסאפיע“,
וואס זי איז און ווי אזוי זי האט זיך ענטוויקעלט. דאס ערשטע און איינציגע ווערק איבער פילאסאפיע אין אידיש. אין צוויי בענדער, געבונדען, פרייז $1.50 נעט, אין קאנטרי 2.00.. אין איין באנד געבונדען פרייז 1.20. נעט, אין קאנטרי $1.50.

מאררים ווינטשעווסקי: ליעדער און געדיכטע,
א פראכט אויסגאבע פון דעם „זיידען׳ס“ בעריהמטע ארבייטער און קאמפף־ליעדער, אין איין גרויסען באנד פון 320 זייטען, פרייז 65 סענט נעט, אין קאנטרי 85 סענט.

מאררים ווינטשעווסקי : „א טאג מיט יעקב גארדין“
בראשירט, פרייז 15 סענט נעט. אין קאנטרי 20ס.

איוואן טורגעניעוו: „האמלעט און דאן קיכאט“
א קריטישע שטודיע איבער די צוויי בעריהמטעסטע כאראקטערען פון דער וועלט־ליטעראטור. איבערזעצט און איינגעלייטעט פון מ. קאץ. בראשירט, פרייז 10 סענט נעט, אין קאנטרי 12ס.

אליוו שריינער : „טרוימען“,
א סעריע בילדער און פאנטאזיען פול מיט רייכע געדאנקען, 122 זייטען, שעהן געדרוקט. פרייז 20 סענט נעט, אין קאנטרי 25 סענט.

אסקאר ווילד : „די מענשליכע נשמה אין א סאציאליסטישער געזעלשאפט“.
אן אריגינעלער בליק פון א קינסטלער־עסטעטיקער אויף דעם צוקונפטיגען סאציאליסטישען לעבען. בראשירט, 12ס. נעט, אין קאנטרי 15ס.

הענרי דייוויד טהארא : „די פליכט פון אונגעהארכזאמקייט“,
פרייז 10 סענט נעט, אין קאנטרי 12 סענט.

דר. י. א. מעריסאן : ידער אנארכיזם און די פאליטישע טהעטיגקייט“,
א קריטיק און א פארשלאג. פרייז 8 סענט נעט, אין קאנטרי 10 סענט.

פעליקס האלענדער : „די זוכער פון אמת“,
א סאציאלער ראמאן אין 4 ביכער, איבערזעצט פון ש. יאנאווסקי. 587 זייטען, שעהן געבונדען. פרייז 50 סענט נעט, אין קאנטרי 65 סענט.

יעקב גארדין : „די קרייצער סאנאטא“,
א דראמא אין 4 אקטען, בראשירט, 20 סענט נעט, אין קאנטרי 25 סענט.

ביערנסטערנע ביערנסאן : „איבער אונזער קראפט“,
א דראמא אין 2 טיילען, מיט אן אבשאצונג פון פערפאסער און זיין ווערק פון דר. ח. זשלאטאראוו. געבונדען, 50 סענט נעט, אין קאנטרי 65ס. בראשירט 30 סענט נעט, אין קאנטרי 40 סענט.

הענריק איבסען : געזאמעלטע דראמען. פיער בענדער: 1) נארא און די ווילדע ענטע; 2) העדדא גאבלער און דער בוימייסטער; 3) ראזמערסהאלם און די פרוי פון ים; 4) דער קליינער עאלף, יאהאן גאבריעל בארקמאן און ווען מיר טויטע ערוואכען.
די איבערזעצונגען פון די אלע דראמען זיינען אזוי געטריי ווי מעגליך, לויט דער דייטשער אויטאריזירטער אויסגאבע (בראנדעס עדישאן) און ארטשער׳ס ענגלישער עדישאן. די 4 בענדער זיינען שעהן געדרוקט אין א גרויסען פארמאט און איינארטיג געבונדען. פרייז פער באנד 60 סענט נעט, אין קאנטרי 75 סענט.
איינצעלנע דראמען, בראשירט, פרייז 15 סענט נעט, אין קאנטרי 20 סענט.

אנטאן טשעכאוו : געזאמעלטע דראמען :
„אנקעל וואניא“, סצענעס פון דארפישען לעבען אין 4 אקטען; „דער וואסער־פויגעל“, א קאמעדיע אין 4 אקטען ; „דער קארשען גארטען“, א דראמא אין 4 אקטען. שעהן געבונדען אין איין באנד. פרייז 50 סענט נעט, אין קאנטרי 65 סענט. „דער בער“, „דער שדוך“, צוויי איינאקטער קאמעדיען, איבערזעצט פון א. פרומקין (צווייטע אויפלאגע). בראשירט, פרייז 8 סענט נעט, אין קאנטרי 10 סענט.

לעאניד אנדרעיעוו : בילדער און דראמען :
„דאס לעבען פון׳ם מענשען“, א פארשטעלונג אין פינף בילדער מיט א פראלאג, איבערזעצט פון ווארשא און לאפין. „קעניג הונגער“, א פארשטעלונג אין פינף בילדער מיט א פראלאג, איבערזעצט פון אלגין. „די טעג פון אונזער לעבען“, א דראמא אין 4 אקטען, איבערזעצט פון מ. קאץ. דיעזע דריי ווערק געבונדען אין איין באנד, פרייז 60 סענט נעט, אין קאנטרי 75ס. בראשירט „דאס לעבען פון׳ם מענשען“ און „קעניג הונגער“, יעדער צו 20 סענט נעט, אין קאנטרי צו 25 סענט; „די טעג פון אונזער לעבען“ — 15 סענט נעט, אין קאנטרי 20 סענט.

אויגוסט סטרינדבערג : „פריילין יוליא“
איבערזעצט פון ס. שאפירא. פרייז 12 סענט נעט, אין קאנטרי 15 סענט.

סטאניסלאוו פשיבישעווסקי : „שנעע“,
א דראמא אין 4 אקטען, איבערזעצט פון פוילישען אריגינאל דורך ש. עפשטיין. פרייז 15 סענט, אין קאנטרי 20 סענט.

מרים קארפילאוו : „יהודית“,
א געשיכטע פון ליעבע און ליידען, איבערגעגעבען אין די בריעף פון יהודית ליליען צו איהר געליעבטען. שעהן געדרוקט און פראכטפאל בראשירט. פרייז 25 סענט נעט, אין קאנטרי 30 סענט.

מאררים מעטערלינק : „פעלעאס און מעליזאנדע“, א דראמא אין 5 אקטען, איבערזעצט פון י. ענטין. בראשירט 25 סענט נעט; אין קאנטרי 30 סענט.

**Maisel & Co., Publishers, 424 Grand Street, New York.**

## אינהאלט: